




# רולס פון די לייברערי

1. קיינער קען ניט בעקומען מעהר ווי איין בוך אויף א מאָהל.

2. דער בוך מוז געהאלטען ווערען אין בעסטען ארדער.

3. קיין בוך טאר ניט געהאלטען ווערען מעהר ווי 2 וואכען.

4. אם ענדע פון די 2 וואָכען מוז דער בוך צוריקגעבראכט ווערען אדער קריגען ערלויבנים פון לייברערי אויף נאך 2 וואָכען.

5. ווען יעמאנד האלט א בוך מעהר ווי 2 וואכען, דאן מוז געצאהלט ווערען 5 סענט, פיר יעדע וואך עקסטרא.

6. ווען דער בוך ווערט פערלארען, צוריסען אדער פערשמוצט, מוז דער פערזאן דעם פולען ווערט פון בוך בעצאהלען.

---

פאלגענדע אבענדען זיינען צו בעקומען ביכער:

מאנטאג, דינסטאג, מיטוואך, דאנערשטאג און פרייטאג, פון 8 ביז 10 אבענדס, און זונטאג פון 10 ביז 12 מאָרגענס.

CENTRAL PRINTING CO. 409 CENTRAL AVE.

מיטאג.

יעווגעני טשיריקאוו

# יודען

## פיעסע אין 4 אקטען

איבערזעצט דורך

א. בערמאן.



פערלאג אונד אייגענטהום פאן בוכהאנדלונג מרדכי קאצענעלנבויגען.

ווילנא

תרס"ז.

ЕВГЕНІЙ ЧИРИКОВЪ.

**ЕВРЕИ. Пьеса въ четырехъ актахъ.**

Перев. И. Бермана.

ВИЛЬНА

1907.

# דיא פּערזאָנען.

**לייזער פרײַנקעל**, אַנ'אַלטער מאַן פֿון אַ יאָהר 60, מיט אַ גרויסער זילבערנער באָרד און מיט געדיכטע אַראָבהענגענדיגע ברעמען; אַ פיגור, וועלכע דערמאָנט איינעם פֿון די ביבלישע פּאַטריאַרכען, לויט פּראָפעסיע אַ זייגערמאַכער.

**ברוך** (באָריס), זיין זוהן, 22 יאָהר, אַ סטודענט, אויסגעשלאָסען פֿון אוני־ווערסיטעט פֿאַר אַנטייל אין אונאָרדנונגען.

**לאה**, זיין טאָכטער אַ פריילין 18 יאָהר, אַ קורסיסטקע, אויסגעשלאָסען פֿאַר אַנ'טייל אין סטודענטישע אונאָרדנונגען.

**שלמה**, אַ יונגער מאַן פֿון 19 יאָהר, אַ געזעל אין פרענקעל'ס זייגער־מאַגאַזין.

**נחמן**, 26 יאָהר, ניט קיין הויכער, מאָגערער ברונעט, מיט פיעבערהאַפט ברענענדיגע אויגען, עקזאַלטירט. פיעלע האַלטען איהם פֿאַר אַ נערוועז־קראַנקען.

**בערעזין**, ברוך'ס אַ חבר, אַ רוסישער־ גענוועזענער סטודענט, אַ מאָגערער, הויכער בלאָנדין, רעדט רוהיג, אַ מאָל פֿויל, נאָר שטענדיג איבער־לעגט. ליעבט צו בעגלייטען זיינע רייד מיט דער פֿראַזע: „דאָס איז ריכטיג“.

**איזערסאהן**, אַנ'אַרבייטער פֿון אַ מעכאַנישען זאַוואָד, אַ שווייגעדיגער, פֿער־צאָרנטער מענש; רעדט מיט'ן באַס; טראָגט אַ בלויע בלוזע, די אויגען אַראָבגעלאָזען צו דער ערד; אויפֿרעגענדיג זיך, הויבט ער אָן שרייען און מאַכען מיט די מאָגערע לאַנגע הענד.

פורמאַן, אַ יאָהר 40, דאָקטאָר דער מעריצין; אַ געזונדער, קאָרפּולענטע מענש; אין דער גאַנצער פיגור, אין די זשעסטען און אין קול — אַ רוהיגע זעלבסטזיכערהייט און אַ צופריעדענהייט פון אַ זאַטען מענשען; טראָגט אַ צילינדער און רויכט נאָר ציגאַרען.

ישראל, אַ צייטונגס־טרעגער, אַ געלער, הויכער און אַ דינער, אויפ'ן פנים בלאָנדזעט אַ איראָנישער שמייכעל; זשעסטיקולירט שטאַרק און קוועטשט אָפט מיט די פּלייצעס.

אהרן, לייזער פרענקעל'ס אַ ברודער, אַנ'אַלטער מאַן פון אַ יאָהר 55, אַ סוחר פונ'ם שכנות'דיגען שטעדט'ל.

חנה, זיין ווייב, אַ מאָגערע, שטענדיג בעשעפטיגטע, אַלטע פרוי.

די מומע שרה, לייזער פרענקעל'ס אַ שוועסטער, אַ פולע פרוי מיט אַ פריינדליכען פנים.

אַ הערר אין אַ פעלערינע.

א פּאַן
א פויער } בעזוכער פון זייגער־מאַגאַזין.

מאשא, בעדיענטע אין לייזער פרענקעלס הויז.

דורכגעהער, פּאָליציאַנטען, אַ מענגע פּראָסטע ארבייטער און פויערן.

---

די סצענע קומט פאָר אין אַ שטאָדט פון דער יודישער „משערטא". אין צפון־מערב פון רוסלאַנד.



# ערשטער אקט.

**די וואָהנונג פוּנ'ם זייגערמאַכער לייזער פרענקעל.** א גרויסעס נידריגעס **צימער** אין האַלב קעלער-עטאַזש, צוטיילט דורך אַנ'אַרקע אויף צוויי **העלפטען**: די רעכטע העלפט, צום צושויער צו, איז אומגעוואַנדעלט אין **א** זייגער-מאַגאַזין, האָט צוויי פענסטער אין גאַס אַרויס און צווישען זיי איז **אַ** טהיר מיט שויבען אונ מיט אַ אויטאָמאַטישען גלעקיל, די ווענט זענען אויסגעהאָנגען מיט זייגערס פון פערשיעדענע מינים, וועלכע פילען אָן די לופט מיט דער אונרוהיגער קלאַפּעריי פון די פערפענדיקלען; אונטער די פענסטער טישלעך, ביי וועלכע ס'אַרבייטען **לייזר פרענקעל** און זיין געזעל שלמה; די לינקע העלפט פוּנ'ם צימער דיענט פאַר אַ זאַל און האָט צוויי טהירען; לינקס — אין ברוך'ס צימער און אין דער הינטערשטער וואַנד — אין די וואָהנונגס צימער, פון וועלכען ס'פיהרט אַ הינטערגאַנג אויפ'ן הויף. די צייט — געגען מיטאָג. ביים אויפהעבען דאָס פאָרהאַנג אַרבייטען **לייזער** אונ **שלמה** און פיהרען פאָרט זייער שמועס; פון ברוך'ס צימער לאָזען זיך פון צייט צו צייט הערען קולות פון זיך צאנקענדע מענשען.



לייזער.

ניין, שלמה, איך וועל זיך שוין ניט דערוואַרטען, איך וועל שוין ניט דערזעהען!... נאָר, עס קען זיין, מיינע איינ־קלעך אדער אוראייניקלעך וועלען ווידער וואָהנען אין ארץ ישראל...

שלמה

הלואַי, רבי לייזער!..

לייזער.

און זיי וועלען אויך סוף כל סוף האָבען זייער אייגען פֿאָטערלאַנד, אזוי ווי יעדער מענש!..

שלמה.

הלואַי, רבי לייזער!.

לייזער.

יאָ.. יאָ... אָבער איך... איך וועל בלייבען דאָ, אין פרעמדער ערד.

שלמה (זיפצענדיג).

וואָס זאָל מען טהון?!

לייזער (נאָך א קליינער פּויזע).

עס קען זיין, שלמה, אַז עמיצער וועט נאָכהער ברייגנען פון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַ ביסעל הייליגע ערד, — און דענסטמאָל וועט מען אויך אויף מיין קבר אַ הייפעלע אויסשיטען...

שלמה.

ווען דער מענש שטאַרבט אָב, איז איהם אלץ איינס; ער וועט זיך קיין מאָל ניט דערוויסען, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, ער וועט גאר ניט דערזעהען, גאר ניט דערהערען... עס איז ניט גוט, וואָס מענשען מוזען דורכאויס שטאַרבען...

לייזער.

עס קען אָבער זיין, אַז עס איז אויך גוט, שלמה... ווען די מענשען וואָלטען קיינמאָל ניט שטאַרבען אליין, וואָלט ברויט געוואָרען אזוי טייער, אַז אונז מיט דיר וואָלט אלץ איינם אויסגעקומען שטארבען פון הונגער... (נאָך א קליינער פּויזע). און ווען אַ מענש לעבט זעהר לאנג, קומט איהם דאָס לעבען פֿאַר ניט אזוי געשמאַק, ווי דיר, שלמה!.. יאָ!..

שלמה (פערשעמט)

איך האָב זעהר ליעב צו לעבען, רֶבּ לייזער!..

לייזער.

דו האָסט ליעב?.. ווען איך בין געוועזען א גאַנץ קליין יונגעלע, זענען מיר געלאָפֿען איבער די לאַנקעס הינטער'ן טייך אונ האָבען געקליעבען ווילדען קנאָביל, אונ דענסטמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, שלמה, אַז קיין געשמאַקערע זאַך פון דעם קנאָביל איז אויף דער וועלט ניטאָ!.. דו, שלמה, ביזט נאָך אַ גאַנץ יונגער יונג... מ'האָט דיך נאָך זעהר ווייניג געשלאָגען!..

שלמה (שטיל מיט א מורא אין קול).

ווייסט איהר, וואָס, רבֿ לייזער, איך וועל אייך זאָגען? ווען איך בין געבאָט'ן אין דער פריה געגאַנגען אויפ'ן מאַרק, האָט מיך אַ שוואַרער מענש געהאַפּט פֿאַר'ן האַלז אונ האָט מיר געגעבען אַ קלאַפּ... איך האָב איהם גאָר ניט געטשעפּעט, איך בין מיר געגאַנגען שטיל... אונ אַז איך בין אַנטלאָפֿען, האָט עמיצער אין מיר געוואָרפֿען אַ שטיין... גאָט צו דאַנק, דער לאָבום האָט ניט געטראָפֿען!.. זעהר א גרויסער שטיין!.. וואָס האָב איך זיי געטהון?! איך בין מיר געגאַנגען...

לייזער.

אַ יאָהר צעהן צוריק איז פֿערפֿאַלען געוואָרען אין אונזער שטאָדט א גימנאַזיסט, האָט מען אויך אנגעהויבען רעדען, אז מיר, יודען, האָבען איהם געקוילעט אויף אונזער פּסח. געלויבט איז גאָט, דער גימנאַזיסט איז געפונען געוואָרען... עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ער איז אַנטלאָפֿען פֿון דער היים אונ האָט געוואָלט אוועקפֿאָהרען קיין אַמעריקאַ... געלויבט איז גאָט, שלמה, וואָס ער איז ניט דערפאָהרען ביז אמעריקא,– מ'האָט איהם געחאַפּט... אונ אויב מ'וואָלט איהם ניט אזוי גיך געחאַפּט, וואָלט מען אונז ווידער געשלאָגען אונ געראַבעוועט...

שלמה.

ווען עס איז געוועזען אַ פּאָגראָם ביי אונז אין ווילנא,– בין איך געוועזען זעהר אַ קליינער אונ געדענק גאָר ניט... מ'האָט געהרגע'ט מיין מוטער... (מיט א זיפץ). איך געדענק גאָר ניט מיין מוטער...

לייזער.

און וואו איז דענסטמאָל געוועזען דיין פֿאָטער?

שלמה.

דער פֿאָטער?.. דער פֿאָטער איז אַוועקגעפֿאָהרען קיין אַמעריקא.. ער פֿלעגט זאגען, אַז ווען ער וועט רייך ווערען, וועט ער אונז אויך צונעהמען קיין אמעריקא... נאָר ווי ער איז אַהין אוועקגעפֿאָהרען האָט ער אָן אונז אין גאַנצען פֿערגעסען... די מוטער האט זעהר געוויינט...

ווער קען וויסען? עס קען זיין, אַז דער פֿאָטער איז אויך שוין לאַנג געשטאָרבען... איך — איינער אליין... (עס קומט אריין א פויער, נעהמט אראב דאס היטיל).

דער פויער (גוטמיטהיג).

גאָט-העלף דעם, ווער עס איז אין דיזען הויז! צו וואָהנט ניט דאָ דער רויטער יוד יענקיל?

לייזער (ניט אברייסענדיג זיך פון דער ארבייט).

דער יוד יענקיל? אַ זעלבער איז ניטאָ...

דער פויער (שמאקצענדיג מיט די ליפּען).

אַך! וואוהין דען האָט ער, דער פֿערפֿלוכטער יוד, זיך בעהאלטען? איך זוך, איך זוך... (אנטוהעגדיג דאס היטיל). אֶפְּשֶׁר, דערביי?

לייזער.

איך וויים ניט..

דער פויער.

ער מיינט, — אַז איך וועל איהם, דעם זשידיוגאַ, שלאָגען... אָבער איך מיין גאָר ניט!... זאָל ער אוועקגעבען מיין געלד...

לייזער.

יענקיל איז דאָ ניטאָ... געה דיר, וואו דו ווילסט...

דער פויער.

חמ!. אָט אַ טייוולשער זשידיוגאַ! אַ גוט'ן, גאָט זאל אייך געבען געזונד! (געהט איועק).

שלמה (נאך א קליינער פויזע).

און איך, רֶבֶּ לייזער, וואַרט דאָך... קען זיין, ווען עס איז, וועט דער בריעפֿטרעגער מיר ברייננגען אַ בריעף.. און פלוצלינג וועט דער בריעף זיין פון מיין פֿאָטער!.. עס קען אלץ זיין!.. דענסטמאל וועל איך ניט זיין — אליין... עס איז זעהר אומעטיג, ווען מ'לעבט אויף דער וועלט אליין!..

לייזער.

איך האָב שוין, שלמה, דריי מאָל אין מיין לעבען פֿערלאָרען אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט, און דריי מאָל האָב איך אנגעהויבען בויען מיין לעבען אויפ'ס נייע. איך האָב, ווי אַ בינן, געזאמעלט האָניג טראפּענ-

## ה

1341 הָארֶעווֶע אַ וָואלְף ווִי לַאנְג, קוּקט אַלְלֶעס אִין וַואלְד הֶערַיין.

1542 הָאוֹחֵז בְּיַד אִיז דִי בֶּעסְטֶע תְּפִלָּה.

1543 הָאוֹחֵז בְּיַד שְׁטֶעהְט גְרוֹים גֶעשְׁרִיבֶּען.

1544 הָאוֹחֵז בְּיַד – שָׁלוֹם בֶּקֶעשִׁינֶע.

1545 הָאט יֶענֶער דִי נְשָׁמָה – הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעלְד.

1546 הָאט מֶען עֶס נִיט שֶׁעפְּפֶעלְדִיג, הָאט מֶען עֶס לֶעפְּפֶעלְדִיג.

1547 הַאלְט דִיר דֶעם כָּבוֹד אוּנ בְּלַייבּ אִין דֶער הַיים.

1548 „הַאמָאנְיַא" אִיז גֶעטְהִיגֶער ווִי ווִי אַ קַאפָּאטֶקֶעלֶע. 1)

1549 הָאסְט מוֹרָא? לֵייג דִיךְ אִין בֶּעטט הֶערַיין.

1550 הָאסְט מוֹרָא? – לֵייעֶן־זָשֶׁע קְרִיאַת־שְׁמַע.

1551 הָארֶעווֶע מֵיידֶעלֶע, וֶועסְט דוּ הָאבֶּען אַ קְלֵיידֶעלֶע.

1552 הַארְצֶען אַת הָאבֶּען הָאט שׁוֹין אַ מָאהְל גֶעטְרָאפֶען.

1553 הוּנְגֶער קֶען נִיט קֵיין גֶעבָּאט.

1554 הוּנְד בִּילְלֶען! – מְחוּתָּנִים פָּאהְרֶען.

1555 הוּנְדֶערְט אוּנ הוּנְדֶערְט אוּנ אֵיינְס אִיז אַלְלֶעס אֵיינְס.

1556 הֶזֵּיק פוּן דֶער הַאנְד אִיז אוֹיךְ אַרֶיוַח.

1557 הִיטֶען זָאל מֶען זִיךְ פַאר דִי פְרֵיינְד, נִיט פַאר דִי פֵיינְד.

1558 הַכֹּל הֶבֶל – אוּנ גֶעהֶבֶּלְט מוּז דָאךְ וֶוערֶען.

1559 הַמַבְדִיל בֵּין קוֹדֶשׁ לְחוֹל – וֶוער עֶס הָאט גֶעלְד, דֶעם אִיז וואוֹיל.

1560 „הֶעטט אִיךְ" אוּנ „פֶּעטֶעךְ" גֶעבֶּען קֵיין מָכֶם.

1561 „הֶעטט אִיךְ" אִיז אַ „פֶּעטֶעךְ" – הָאבּ אִיךְ אִיז אַ גְרוּנְד. 2)

1562 הֶענְג אִיךְ בַּיי דֶעם קָאפּ, הֶענְג אִיךְ בַּיי דִי פִּיס.

1563 הֶענְגט מֶען אוֹיף אֵיין פוּס, זָאלל מֶען שׁוֹין אוֹיפְהָענְגֶען אוֹיף בֵּיידֶע.

## ו

1564 וואַהלְטֶעג דְרִיקְט אוֹיךְ אַ מָאהל דָאס הַארְץ אָב.

1665 וואוּ אַ „וַיְהִי" אִיז אַ צָרָה אוֹיף יוּדֶען.

1566 וואוּ דֶער גָלוּת קְלֶעבְּט זִיךְ אָן, קָאן

1) „האמאניא" הייסט ביי די קינדער עסטען, אז מען מאכט א־יגצט פארווירפע, פאר וואס ער בראגט נים קיין בעססערן אונ רייגערן ראק וואנט ער אז עססען איז נעטהיגער. 2) ווען יעמאנד וואגט "העטב־איך" אדער „וואלט איך"

מען איהם ניט אזוי באלד פטור ווערען ·

1567 וואו דער ציגיינער שטעהט איין, דארט ריהרט ער ניט ·

1568 וואו האט א הונד א הויז ?

1569 וואו הינד בילען, דארט איז אמושב ·

1570 וואו זעקס ווערען זאטט · האט דער זיבעטער גענוג ·

1571 וואו אליעבשאפט דארט איז קיין ענגשאפט · 1)

1572 וואו מען דארף א שטיין · דארט איז ער דא ·

1573 וואו מען דארף האבען צוקער. טויג ניט קיין זאלץ ·

1574 וואו מען האט געלד פערלוירען, דארט מוז מען עס אבזוכען ·

1575 וואו מען זעהט איהם ניט · דארט וואקסט ער ·

1576 וואו עס איז איבעריג, דארט פעהלט · 2)

1577 וואו עס איז ניא פלייש אונ פיש · דארט איז א פרעהליכער טיש ·

1578 וואו עס זעגען דא פיעל קעכענם · דארט איז דאס עססען רוי ·

1579 וואו עס פאלט א שטיין · טרעפפט ער מיך אליין ·

1580 וואו עס שטעהט ניט · דארט זאגט מען ניט ·

1581 וואו צוויי, איז ער דער דריטטער ·

1582 וואו צוויי עססען פון איין שיסעל · קאן זיך א דריטטער אנעססען א ביססעל ·

1583 וואו שלום, דארט איז ברכה ·

1584 וואלוועל פלייש עססען די הונד ·

1585 וואס א גראבער בויך קאסט · וואלט איך געוואלט פערמאגען – וואס ער איז ווערטה · זאללען מיינע שונאים פערמאגען ·

1586 וואס איך ווייס ניט · האב איך ניט צו זאגען ·

1587 וואס איך ניט ווייס · מאכט מיר ניט אוים ·

1588 וואס איין קלאפ מאכט ניט · מאכט דער צווייטער ·

1589 וואס ביי אמענשען איז שווער איז ביי גאטט גרינג ·

1590 וואס גאטט טהוט בעשערען · קאן דער מענש ניט פערוועהרען ·

1591 וואס דו זעהסט ניט מיט דיינע אויגען · פערזיבער ניט מיט דעם מויל ·

1592 וואס די ערד דעקט צו · מוז פערגעססען ווערען ·

1593 וואס דער טויבער דערהערט ניט · דאס טראכט ער זיך אוים ·

1594 וואס דער שכור האט אין קעפעל · האט דער ניכטערנער ניט אין פלעשעל ·

1595 וואס דריי ווייסען · איז קיין סוד ניט ·

1596 וואס האט צו דעם פנים וואס אין דעם הארצען טהוט זיך ·

1597 וואס הערט זיך אין ים ? – מען חאפט פיש ·

1) שיללער זאגט אויך: Raum ist in der kleinsten Hütte für kein zärtlich liebend Paar

2) זאגט מען אז די קאססע שטימט ניט, בעזאנדערס אז עס איז אין איהר מעהר געלד ווי עס דארף צו זיין ·

ווייז, און ווען אין מיין בינשטאָק האָט זיך צונויפגעקליעבען געגוג האָניג. האָט מען מיין בינשטאָק געבראָכען און מ'האָט ארויסגענומען אלץ, וואָס איך האָב אָנגעזאַמעלט ... און אָט דא, אויפ'ן באַק, האָב איך אַ צייכען: אַ מערדער האָט מיר געגעבען אַ קלאַפּ מיט אַ קאָסע איבער'ן פּנים און איך בין געפאַלען; ער האָט געמיינט, אַז איך בין שוין טוידט, האָט ער מיר אַ שפּיי געגעבען אין מויל און איז אַוועקגעגאַנגען. איך אָבער בין זיך געלעגען און געלעגען, גאנץ לאַנג געלעגען ... איך האָב זיך געמאַכט, כּלומרשט געשטאָרבען, דאָס פּנים מיינ'ס איז געוועזען פערבלו־טיגט, און אַז עס־צער איז פאַרביי געגאנגען, האָב איך ניט געאָטעמט ...

שלמה.

אוי — אוי - אוי!..

לייזער.

דענסטמאָל זענען ברוך מיט לאה'ן געוועזען אין חדר, און מיין פרוי, זכרונה לברכה, איז אַוועקגעפאָהרען אין קיעוו צו איהר מוטער ... ווער ווייס? ווען זיי וואָלטען געוועזען אין דער היים - קען זיין, אַז איך וואָלט יעצט אויך געווען אַזוי עלענד, ווי דו... ווייסט דו וואָס עס האָט געטראָפען מיט איוב'ן?

שלמה.

~~ווי אזוי זאל מען דאס דען ניט וויסען~~!

[illegible]

לייזער.

עס איז געקומען אַ שליח און האט געזאָגט; „דיינע זיהן און דיינע טעכטער האבען געגעסען און ויין געטרונקען, איז געקומען אַ שטורם־ווינד פונ'ם מדבר, און דאָס הויז האט זיך איינגעלעגט און האָט די קינדער דערשטיקט"...

שלמה.

און איהר, רב לייזער, זענט פריהער געוועזען אזוי רייך, ווי איוב?

לייזער.

נו! אזוי רייך בין איך קיין מאל ניט געווען, נאר איך האב געהאט אין מאָהילעוו אַ שענעם מאגאזין און איך האָב ניט געברויכט אזוי פיעל צו ארבייטען און מורא האָבען, אַז מארגען וועט קיינער, חלילה, ניט ברייגנען צו פעריכטען ... און אלץ איז פערלארען געווארען!.. עס איז געקומען אַ ווינד פונ'ם מדבר און האָט אלץ אוועק־געטראגען ... און אָט שוין צעהן יאָהר קוק איך זיך איין פון פריה ביז נאכט אויפ'ן זייגער און האב אלץ מורא, אַז עס־צער זאל ניט אַ מאל אויסקלערען אַזאַ מין זייגער, וועלכער וועט קיין מאָל ניט בלייה!

שלמה (לאכענדיג).

דאָס, רב לייזער, קען קיין מאל ניט טרעפֿען...

לייזער.

דענסטמאָל וועט אונז מיט דיר, שלמה, זיין זעהר שלעכט... אזוי שלעכט, ווי עס וואָלט געוועזען אונזער דאקטאר פֿורמאַן, ווען מענשען וואָלטען פלוצלינג אויפֿגעהערט [illegible] צו קרענקען.

שלמה (מיט א שמייכעל).

וואס רעדט איהר, רב לייזער! איז דאס דען מעגליך, אַז קיינער זאָל אין זיין לעבען קיין מאל ניט קרענקען?!

לייזער.

יאָ, שלמה, איך קלער אויך אזוי... ווייל דער מענש, אזוי ווי דער זייגער וויל שטענדיג אָדער אַ ביס׳ל צופֿיעל לויפֿען פֿאָרויס, אדער זעהר פֿיעל הינטער בלייבען, אונ דעם מענשען ברויכט מען אויך אי רייניגען, אי רעגולירען, אי פֿעריכטען...

שלמה.

אייער זוהן זאגט, אַז דעם מענשען ברויכט מען צוברעכען אונ מאכען אַ גאנץ נייען... אייער זוהן איז זעהר אַ קלוגער מענש!

לייזער (זיפצענדיג).

אַז אַ מענש איז זעהר קלוג, איז דאָס אויך אזוי שלעכט, ווי ער וואָלט געוועזען אַ גרויסער נאַרר... דאַן וויל דער מענש מיינען, אַז ער איז שוין קליגער פֿון גאָט אַליין... (ברוך׳ס קול: „דאס האט מען פריהער געמיינט, אז דער מענש ווערט געבארען א פרייער... יעצט מיינט מען אז ער ווערט געבארען א געשמידטער... נאר עס זענען איהם מיאוס געווארען פערשיעדענע קעטען אינ דער מענש דארף זיי אראבווארפען!..") הערסט דו, ווי מיין ברוך שרייט?

שלמה.

פֿאַר וואָס קריגען זיי זיך שטענדיג?

לייזער.

ברוך וויל, אַז די מענשען זאָלען אָנהויבען לעבען נאָך זיינע געזעצען... ער וויל ניט וויסען, אַז גאָט האָט שוין לאַנג אויסגעטראַכט פֿאַר די מענשען געזעצען...

שלמה.

ברוך גלויבט ניט, אַז די יודען וועלען זיך צוריקקעהרען אין ארץ

ישראל. ער זאָגט, אַז דאָס אַלץ איז בָּבָא-מעשיות, ווע‌לכע ס'זענען זעהר אַנגענעהם צו הערען פאַר דעם, ווע‌לכער וויל און קען אין זיי גלויבען...

לייזער.

יאָ, שלמה, דאָס איז אַ גרויס אונגליק, - צו מאַכען די אייגענע קינדער אַזוי קלוג, אַז זיי זאָלען אין די מעשיות ניט גלויבען. דאָס איז אַ גרויס אונגליק, ווייל אז אַ יוד גלויבט ניט אין דיזע מעשיות הערט ער שנעל אויף צו זיין אַ יוד...

שלמה (נאָך אַ פּויזע).

איך, רב לייזער, גלויב... איך גלויב, אַז אַלץ, וואָס נחמן האָט נעכטען גערעדט; - איז אֶמֶת! איך האָב אויך געגעבען אַ שֶׁקֶל, זאָל מען פאַר מיין געלד אויך קויפען אַ שטיקעל היילי‌גע ערד...

לייזער.

מ'ברויבט, שלמה, גלויבען; מעהר איז ביי אונז, יודען, גאָר ניט געבליעבען.

שלמה.

און ווען איך בין געקומען נעכטען פון דער פערזאַמלונג און האָב מיך געלעגט שלאָפען, האָב איך לאַנג ניט געקענט איינשלאָפען: איך האָב אַלץ געקלערט וועגען דעם, וואָס נחמן און דער דאָקטאָר פורמאַן האָבען גערעדט... דער דאָקטאָר פורמאַן גלויבט אַ ביסעל אויך ניט... ער רעדט אויך זעהר שֶׁען. איך פיהל אָבער, אַז דער אֶמֶת איז ביי-נחמנ'ען, אָבער ניט ביי'ם דאָקטאָר.

לייזער.

דער דאָקטאָר פורמאַן גלויבט ניט אין גאָט, ניט אין טייוויל..

שלמה.

איך האָב זעהר לאַנג ניט געקענט איינשלאָפען, און ווען איך בין איינגעשלאָפען, האָט זיך מיר געחלומט אַ חלום... חע! זעהר אַ אַנגענעהמער חלום! (עס געהט אריין בערעזין).

בערעזין (שווייגענדיג זיך אַ בריג געגעבען צו לייזער'ן).

איז באָרים לאַזאַרעוויטש צו הויז?

לייזער.

ווער איז דאָס באָרים? איך ווייס ניט. איך האָב אַ זוהן, הייסט ער ניט באָרים, נאָר ברוך, ער איז אַ יוד!..

בערעזין.

איז ער צו הויז?

לייזער (פערשעמט).

וואו זאָל ער דען זיין? מ'האָט איהם אויך אַרויס געטריעבען פון אוניווערזיטעט און האָט יעצט אויך ניט וואָס צו טהון. געהט צו איהם, – עס וועט איהם זיין פרעהליכער... זיי שרייען דאָרט און דיספוטירען.

(בערעזין געהט דורכ'ן מאגאזין און דורכ'ן זאל אין ברוך'ס צימער; ווען די טהיר אהין עפענט זיך האפט זיך אריין דער געפילדער פון די דיספוטירענדע; אין דיזען געפילדער לאזט זיך בעזונדערס הערען נחמן'ס קול: „גאט צו דאנק, עס לעבט נאך דאס יודישע פאלק! מיר מיט אייך וועלען שטארבען, אבער דאס יודישע פאלק וועט בלייבען!") און דיזער יונגער מאַן האָט אויך ליעב צו דיספוטירען. נאָר ער שרייט ניט, דאַנקען גאָט... אָט, שלמה! איך האָב גערעכענט, אַז ברוך מיט לאֶה'ן וועלען ענדיגען זייער לערנען, און דאַן וועט מיר אויף דער עלטער זיין לייכטער... זיי האָבען אָבער דאָרט עפעס אונרוהען איינגעארדענט און יעצט איז שוין ניטאָ אויף וואָס צו האָפען. (דאס גערויש אין ברוך'ס צימער ווערט שטילער).

שלמה (מיט מורא).

צו וואָס איז געקומען דער דערר פריסטאַוו?

לייזער.

ער האָט געזאָגט, אַז מיינע קינדער טאָ־ען ערגעץ ניט אַרויס פאָהרען פון שטאָדט און האָט געצוואונגען אונטער צו שרייבען אַ פאַפּיער. איך האָב געמיינט, אַז זיי וועלען ענדיגען זעהר לערנען און דאַן וועלען זיי קענען פאָהרען און וואָהנען, וואו עס איז בעסער, נאָר אָנשטאָט דעם איז אַרויס געקומען נאָך ערגער: זיי קענען יעצט ניט אַרויספאהרען אפילו פון אונזער שטאָדט...

שלמה.

מ'זאָגט, אַז דעם באַנקיר סאַקער'ס זוהן האָט אויך געמאַכט אונרוהען און זיין פאָטער האָט איהם אַרויסגעטריעבען פון דער היים... אַזאַ רייכער מענש, און פונדעסטוועגען, האָט ער אויך געמאַכט אונרוהען... (א כויזע).

לייזער.

נו, פאַר וואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, שלמה, וואָס דו האָסט געזעהן אין חלום?

שלמה (אברייסענדיג זיך פון דער ארבייט).

איך? איך האָב געזעהן זעהר אַ גוטען חלום!

לייזער.

נו!.. וואָס האָסטו דען געזעהן?..

שלמה.

אזוי ווי איך בין געגאַנגען און געגאַנגען, זעהר לאַנג געגאַנגען. און די פיס האָבען מיר וועה געטהון און בין געוועזען זעהר הונגעריג, פּלוצלינג קום איך אַריין אין שטאָדט, זעהר אַ גרויסע און אַ שעֶנע שטאָדט! עס איז שוין געוועזען נאַכט און אויף די גאַסען איז קיינער ניט געווען. איך האָב מורא געהאַט, טאָמער טאָרען יידען אין דיזער שטאָדט אויך ניט וואָהנען; און אַז איך האָב דערזעהן אין עק גאַס דעם פּאָליציאַנט, האָב איך זיך זעהר דערשראָקען... איך האָב זיך געקלערט: אָט וועט ער באַלד צו געהן צו מיר און וועט אַזָען: „גיעבט אהער אייער פּאספּארט".

לייזער.

נו!

שלמה.

איך האָב שוין געוואָלט אַנטלויפען, רב לייזער, נאָר דער הערר פּאָליציאַנט האָט געשריען צו מיר: „האָב ניט מורא! אין בין אויך אַ יוד!" (לאכט פרעהליך און רייבט די הענד).

לייזער.

דאָס איז, שלמה, זעהר אַ גוטער חלום, אַזעלכע חלומות האָב איך קיין מאָל אין מיין לעבען ניט געזעהן און, געווים, וועל איך ניט זעהן... און וואָס איז געווען ווייטער?

שלמה.

איך האָב געזאָגט: „ערלויבט מיר איך צו פרעגען, וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאָדט, וואוהין איך בין געקומען?"

לייזער (איבערשלאגענדיג).

איז דאָס געווען ירושלים?

שלמה.

ע, ניין! איך האָב אויך געמיינט, — ירושלים! נאָר דאָס איז געווען יְרִיחוֹ... און מיין האַרץ האָט אַזוי שטאַרק אנגעהויבען קלאַפּען, אַז איך האָב זיך אויפגעהאַפּט און האָב געמיינט, אַז איך וועל שטאַרבען פון גרויס שמחה, און איך האָב מעהר ניט געקענט שלאָפען, — אַזוי גוט און אונרוהיג איז מיר געווען אויפ'ן האַרץ!..

לייזער.

און דעריבער אַרבייטעסט דו היינט אַזוי פויל?

### שלמה (פערקלערט).

איך קלער, אַז איך וועל ווען עס איז אַוועקפֿאָהרען אין ארץ ישראל און איך וועל דערזעהן דיזע שענע שטאָדט...

### לייזער.

און דערווייל ענדיג, שלמה, דעם אַפּטעקער'ס זייגער! (הינטער די פענסטער פונ'ם מאגאזין הערט מען דעם קול פון פויער: „מומע! ווייסט דו ניט, מוטער, וואו וואהנט דער רויטער יוד יענקיל? איך זוך אונ זוך...")

### שלמה (נעהמענדיג זיך צו דער ארבייט).

איין יוד זאָגט, אַז ווען משיח וועט קומען וועלען אַלע יודען, וואָס וואָהנען אין פֿערשיעדענע לענדער: אי אין פוילען, אי ביי אונז, אי אין אַמעריקאַ, אי אין אַפריקא, אי אין ענגלאַנד און אומעטום — דורכגעהן אונטער דער ערד קיין ארץ־ישראל, וועלען האָבען גִלְגול מְחִילוֹת. איז דאָס אויך אמת, רב לייזער?

### לייזער.

אמת, אמת... אַלץ אמת... עח–חע!..

### שלמה.

נאָר צו וואָס, רב לייזער, ברויכט מען צו געהן אונטער דער ערד? מ'קען דאָך פֿאָהרען מיט אַ דאַמפּף–שיף, מיט דער באַהן אָדער געהן מיט די אייגענע פיס...

### לייזער.

אונטער דער ערד, שלמה, איז דעם יוד בעסער צו געהן'! דאָרט וועסט ניט בעגעגנען קיין שום נאטשאלסטווא און מ'וועט קענען רוהיג צוגעהן ביז ארץ ישראל, אויב דו וועסט אָבער געהן אָדער פֿאָהרען איבער דער ערד אָדער איבער'ן וואַסער, וועט מען ביי דיר פרעגען אַ פאַספּאָרט, און ווען מ'וועט אַריין קוקען אין דיין פאַספּאָרט, וועט מען זאָגען: „געה צוריק, ווייל איבער אונזער ערד טאָרען די זשידעס ניט געהן!" און דערנאָך וועסט בשום אופן ניט קומען קיין ארץ ישראל... (די טהיר פון ברוך'ס צימער עפענט זיך האסטיג אויף, עס לאזט זיך הערען א צומישטער גערויש פון א דיספוט, — עס קומען אריין אין זאל נחמן, ברוך, בערעזין, לאה און איזערסאהן; לאה זעצט זיך נעהענטער צו דער פאדער־סצענע, איזערסאהן — אין א וויטען ווינקעל. ברוך האלט זיך נאהנט פון בערעזין'ען.)

נחמן (מאכט שטארק מיט די הענד און צוהיצט).

און אויב אזוי, מאַכט ניט אויס! איִיב אייערע רעכטען פאָדערן, אז איך זאָל פערקויפען מיין נשמה, – ברויך איך זיי ניט! איך ברויך ניט!

בערעזין. (א מאך געבענדיג מיט דער האנד).

אַ מאדנער מענש ביסטו, נחמן!

נחמן. (בעליידיגט).

איך–אַ מאדנער... און איהר – ווער זענט? מעג איך זיין מאָדנע, נאָר מיין גייסטיגע פרייהייט פערקויף איך ניט, מיינע הערצען, ניט פאר קיין געלד!.. זי איז ניט קיין פערקויפטע!

לאה.

נחמן, איהר האָט ניט פערשטאנען...

בערעזין (מיט גרינגשעצונג).

אָבער קיינער פאָדערט דאך ניט פון אייך אז איהר זאלט זיך פון איהר אָבזאגען...

נחמן. (איבער־שלאגט).

ווער פאָדערט ניט? דאָס פאָדערט–איהר ניט, אבער דאָס לעבען פאָדערט, (בייז), וואס זייט איהר דען? איהר קענט מיר גאר ניט געבען אין קענט ביי מיר גאר ניט נעהמען!... דאס לעבען פאָדערט! באָרים לאזארעוויטש האָט זיך בערופען אויף דייטשלאנד, אויף פראנקרייך... נאר איהר, מיינע הערצען, ווייסט ניט, וואָס די יודען אין דייטשלאנד און אין פראַנקרייך שטעלען פון זיך פאָר. דאָרט, וואו אונז, יודען, גיעבט מען איינינגע רעכטען, דאָרט נעהמט מען ביי אונז צו די נשמה... וואָס זענען דאָרט פאר יודען? זיי שעמען זיך מיט זייער יודענטום און טאנצען נאך אַ פרעמדע פייפעל... זיי בעהאלטען זייערע געפיהלען, דערשטיקען זיי... אין נאָרען אָב אי אנדערע, אי זיך זעלבסט...

בערעזין. (אזוי ווי טיעף בעדענקענד).

און טהוען זייער שלעכט.. (ועצט זיך נעבען לאה'ן).

נחמן.

אין דייטשלאנד איז דער יוד – אַ דייטש, אין פראַנקרייך – אַ פראַנצויז, ד. ה. ניט קיין דייטש און ניט קיין פראַנצויז, נאָר אַ יוד, וואָס דאָ פערשטעלט ער זיך פאָר אַ דייטש, דאָ פאָר אַ פראַנצויז.. זיי טהוען שלעכט... נאָר איהר וועט זיי שוין אויסלערנען, ווי אזוי זיי זאָלען בלייבען יודען!

איזערסאהן. (פון ווינקעל, זעהר הויך).

צו דען איז אַ יוד בעכער פון אַ דייטש, אָדער אַ דייטשערגער פון אַ יוד?!.. איך קען נאָר צוויי נאַציעס! איינע אַרבייט פיעל און עסט וועניג, און די אנדערע - ארבייט זעהר וועניג און עסט זעהר פיעל.

בערעזין.

פאַר וואָס ווילט זיך אייך בלייבען דוקא אַ יוד? עס וועט קומען אַ צייט, ווען...

נחמן. (שלאגט איבער מיט כעס).

פאַר וואָס וויל איך זיין אַ יוד? דאָס איז זעהר אַ פרעמדאַרטיגע פראַגע. איך פרעג דאָך אייך ניט, פאַר וואָס איהר, הערר בערעזין, - זענט אַ זוהן פון אייער מוטער און פון אייער פאָטער? (ניט קיין גרויסע אלגעמיינע פויזע)

איזערסאהן. (פון ווינקעל).

ביי מיר האָט מען געהרג'עט אי דעם פאָטער, אי די מוטער, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד ביי די ברוסט... איך געהער צו דער הונגעריגער נאציע...

נחמן.

איהר, מיינע העררען בערופט זיך אויף פראַנקרייך, נאָר צו דען אין דיזען פרייען לאַנד פערפאָלגט מען ניט דעם „זשיד", ווי אומעטום? צו דען אין דרייפוס'ן האָט זיך ניט אָבגעשפיגעלט דאָס שיקזאל פון דעם גאנצען יודענטום?

לאה.

און עמיל זאָלאַ? זאָלאַ?

נחמן.

דאָס איז נאָר איין שוואַלב! זי מאַכט ניט קיין פריהלינג פאַר יודען! רעכטען! אין דייטשלאַנד האָבען די יודען דיא רעכטען אייערע, נאָר וואָס קומט פון דעם ארוים? דעם יודענ'ס שטים איז קיינעם ניט נויטיג, מיט דיזער שטים בעניצען זיך די פאַרטייען נאָר ווען דער חלף ליעגט אויפ'ן האַלז, מיט גרינגשעצונג בעניצען זיי זיך מיט דיזער שטים! מיר וואַנדערען, אזוי ווי הונגעריגע פערוואָגעלטע הינד, שוין צוויי טויזענד יאָהר איבער פרעמדע לענדער, און מיר האָבען ניט קיין הויז, קיין ווירט!

איזערסאהן. (פון ווינקעל).

קיין ווירט?! חא-חא-חא! ווילט איהר: איך וועל אייך שענקען מיין ווירט?! חא-חא-חא! ער האָט מיר שוין לאַנג זיך צוגעגעסען.

בערעזין.

צי וואס ברויכט איהר דורכאויס אַ ווירט? דאָס איז דאָך די גאַנצע זאַך, נחמן, וואָס איהר ווילט אונז ניט פערשטעהן...

לאה (זיך בעמיהענדיג צו איבערצייגען).

צי דען האָט איהר געמיינט, אַז שטענדיג וועט אזוי זיין, ווי יעצט? צי דען האָט איהר געמיינט, אַז די מענשהייט וועט ~~צו~~ קיין מאָל ניט ~~אבקומען פון דיזען טיטען פונקט~~? פראָגע ער פונדען

נחמן.

די מענשהייט! די מענשהייט! וואָס איז דאָס די מענשהייט? איך האָב זי קיין מאָל ניט געזעהן.

לאה.

איך האָב זי אויך ניט געזעהן ... דאס איז ניט וויכטיג. נאָר איך גלויב, אַז די שענקייט, גוטסקייט, ריינקייט,—וואָס אין יעדען מענשען געפינט זיך, וועט וואַקסען צו זאַמען מיט די וויסענשאַפטען, וואָס דאָס לערנען גיעבט אונז... אונ עס וועט קומען אַ צייט, ווען די דאָזיגע גוטסקייט אונ פערנינפטיקייט, וואָס זיך געפינען ביי אלע מענשען צוזאַמען...

נחמן (שלאגט זי איבער).

אונ אַוואו וועט איהר אַהין טוהן די גאַנצע שלעכטקייט, נייִדער-טרעכטיקייט, בְּהֵמָה'שקייט, וואָס געפינט זיך ביי אַלע מענשען צוזאַמען?..

איזערסאהן.

ווען איין ווירט וועט עסען דעם אנדערן, וועט ער אויפעסען די גאַנצע שמוץ! אַ ווירט – איז ניט אַנזעטיג! ער פרעסט אַלץ! נאָכהער וועט ער זיך איבערפרעסען, וועט זיך דערווערגען אונ וועט אליין פּגר'ן...

נחמן (איינגעשפארט).

איך ווייס גאָר ניט, ווי עס וועט זיין אין צוויי טויזענד יאָהר אַרום, נאָר היינט איז נאָך דערווייל יעדער מענש דוקא אַרוסישער, אָדער אַ פּאָליאַק, אַ נעגר, אָדער אַ יוד!..

איזערסאהן (אויפשטעהענדיג אונ זיך אריין מישענדיג אין די גרופע פון די דיספוטירענדע).

ווער עס האָט פערשטאַנען פאַר וואָס איין מענש בייסט דעם צווייטען,— דער איז שוין ניט קיין רוסישער, ניט קיין פּאָליאַק אונ ניט קיין יוד!.. ער איז פּשוט אַ מענש!.. צו זענען דען מאַרקס אָדער בעבעל יורען? צו זענען זיי דען דייטשען?

נחמן.

איך בין מיט זיי ניט געווען בעקאַנט... (צו בערעזינ'ן) גיט שמייכעלט! אייער בעבעל האָט געזאָגט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטען זענען עמפּערט און רעגען זיך אויף ביי יעדע ערשיינונג פון אַנטיסעמיטיזם, נאָר מיר ווילען נאָך צוגעבען, אַז דער אנטיסעמיטיזם העלפט צו דעם טריאומף פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע...

בערעזין.

וואָס — זשע קומט דער פון אַרויס?

ברוך.

צי דען קען מען אָבלייקענען היסטאָרישע פאַקטען?

נחמן (צוהיצענדיג זיך אלץ שטארקער).

מ'קען זיי ניט אָבלייקענען, נאָר אַרויס זאָגען „מיר עמפּערען זיך!" און דערביי זיך טרייסטען, אַז „אונז וועט דאָך זיין בעסער!" — הייסט עס ניט האָבען קיין האַרץ! ווען מענשען ווערען עמפּערט, קענען זיי ניט אַזוי דענקען!..

לאה (פערוואונדערט).

נאָר וואָס — זשע, נחמן, האָט געברויכט בעבעל זאָגען?

נחמן.

אין יעדען פאַל, פערשווייגען וועלען יענע נוצען, ווייל אין דער היסטאָריע בעקומט מען פון יודישע שוויים, טרערען און פון יודישען בלוט! אונזער בלוט איז אויך אַזוי רויט ווי אַ אַנדערעס!

בערעזין.

ערלויבט נאָר, נחמן, איהר האָט קיין רעכט און קיין [illegible]גישען גרונד צו בעשולדיגען בעבעל'ן... (שטעהט אויף; נאר ווען איזערסאהן [illegible]עט ארויס, — זעצט ער זיך ווידער נעבען לאה'ן).

איזערסאהן (אונטערשפרינגענדיג צו נחמן'ן).

צו וואָס שווייגען? בעבעל האָט עס געמוזט זאָגען! ער האָט עס געזאָגט אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט... ער האָט גערעדט פון אונזער אַלעמענ'ס נאָמען... עס קען זיין, אַז אין דער היים ווייגט בעבעל מיט ביטערע טרערען, ווען מ'שלאָגט יודען, נאָר דאָ דאַרף ער זיין רוהיג... צו וואָס איז דאָס וויינען און קלאַפּען זיך מיט די פויסטען אין האַרצ'ן? צי דען דורך דעם וועט די מענשען זיין לייכטער?... בעבעל איז קיין אַקטיאָר! און איהר האָט קיין רעכט אַזוי צו רעדען וועגען אונזער בעבעל!

**נחמן** (מיט א ציטערדיגער שטים)

איך האָב קיינע רעכטען! קיינע! און איך ברויך זיי ניט! אָבער מיין לאַניק איז דאָ, אין הַאַרץ (קלאפט זיך מיט דער פויסט אין הארץ) דאָ! דאָ! און אויב אייער בענדעל קען רוהיג דענקען, הייסט עס, אַז ער איז ניט פְּשוּט אַ „מענש", נאָר דערצו נאָך אַ „ניט קיין יוד"! יאָ! ווען ער וואָלט געווען אַ יוד. . . (א מאָך געבענדיג מיט דער האנד געהט ער אוועק צום טיש, מיט ציטערנדע הענד גיסט ער אָן פון פלאַש א גלאז וואַסער, זעצט זיך נידער און טרינקט, קלאפענדיג מיט די ציינער אָן גלאז. לייזער פרובירט דערשראָקען פון געשריי, שטעהט אויף פונ'ם ארט און געהט צו צו דער טיר, וועלכע פיהרט אין זאל.)

**לייזער.**

היטמאנסט, רב נחמן, רעגט אייך זיך אויף און מאַכט זיך כַּלְיָה דאָס בלוט! זיי גלויבען שוין לאַנג ניט אין אונזערע בָּבָא־מַעֲשִׂיוֹת! . .

**נחמן** (שטעהט אויף, אויפגערעגט געהט ער ארום איבער'ן צימער און שטערנדיג די לאַנגע פייזע פון אלעמענ'ס שווייגען, רעדט ער מיט בעגייסטערונג).

נאָר עס וועט קומען, מיינע הערן, אַ סוף אויך צו אונזער וועג. ווען עס איז וועלען מיר אויך קומען אַהיים! (דעקלאמירט:)

מיט די אויגען פון מיין נשמה
זעה איך פיינד, אַ מורא, אַ שרעק
שטעהען אויפ'ן וועג צו מיין נחמה;
דער וועג איז לאַנג, נאָר איך געה אַנ'עק
מיין וועג איז ער — אויף אַלע ציימען,
אויף אַ קורצער'ן וועל איך איהם ניט בייטען!

(אין דער צייט פון דער דעקלאמאציע ווארפט אוועק שלמה די ארבייט, הערט זיך צו, שמייכעלט פרעהליך, זיפצט און זעצט זיך נאָך א מאל צום טיש'ל). געדענקט, וואָס דער נָבִיא זְכַרְיָהוּ האט געזאגט; „עס וועט קומען דער טאָג, ווען צעהן מענשען פון פערשידענע פעלקער וועלען זיך אָנכאַפען אָן קלייד פון איין ידען און וועלען איהם זאגען: פיהר אונז אין ירושלים!"

**איזערסאהן** (פון ווינקעל, אומעטיג).

דאָס איז שוין מקוים געוואָרען. . . דער נביא איז שוין געקומען! אַלע פערפאָלגטע מענשען פון פערשידענע פעלקער געהען נאָך איהם. . די בלינדע און טויבע זאָלען זיך דערווארטען, ווען מ'וועט זיי פיהרען אין ירושלים.

**לייזער** (מיט כעס).

יאָ! און מיר וועלען ווארטען! מיר וועלען גלויבען! . .

ברוך.

**איינער** גלויבט אין איינס, דער אנדערער – אין אַנ'אנדער זאַך...
**נאר** גלויבען אליין איז וועניג... זייט מוחל, וואָרט!

לייזער.

**יאָ!** און מיר וועלען ווארטען! און אויף וואס וועט איהר ווארטען?
**אַ?** איהר האָט ניט אויף וואס צו ווארטען! איהר האָט ניט אויף וואס!

לאה.

ניט שריי, פאָטער!..

לייזער.

איך וויל וויסען אויף וואס וועט איהר ווארטען? פאַר אייך, אַזעלכע **ידען** ווי דו און ברוך, איז ניטא אויף וואָס צו וואַרטען!

נחמן.

**ס'איז**, רב לייזער, נ**ט** אזוי: זיי ווארטען אויך.. זיי ווארטען, **ו**ען **עס** וועט זיין אויף דער וועלט אַ גן־עדן, וועלכער איז געווען אין מעסאפאטאַמיען... **נאר** דענסטמאל זענען נאר געווען צוויי מענשען – אדם און חוה, יעצט אבער זענען דא פיעל מענשען: דייטשען, פראנצויזען, רוסישע, ענגלענדער, פאָליאקען, ארמענער, זשידעס!... דו וועסט ניט איבערצעהלען!

ברוך.

איך האב נאר געזאָגט אַז אמונה אליין איז וועניג. **עס** איז נאך דא די היסטאָריע, עקאנאמישע פאָרמען, ס'זענען דא רייכע און ס'זענען דא־ ארעמע, ס'זענען דאָ זאַטע און ס'זענען דא הונגעריגע... און דא מיט אמונה אליין וועסטו גאר ניט מאכען. די היסטאריע מאַכט זיך גאר ניט פון דעם, וואס נחמן טראַכט, אדער אין וואס ער גלויבט...

לייזער (שאקלענדיג מיט'ן קאפ).

ווי ער רעדט! מה רעדט אין טהיר פון מאגאזין מיט א פויער).

נחמן.

צי דען איז אונזער גן־עדן אויף דער ערד **ניט** אויפגעבויעט אויף דער זעלבער אמונה? צי קען דען אַ מענש לעבען אָהן אמונה? יעדער מענש מוז אין וואס עס איז גלויבען. מיר גלויבען אין די אויפלעבונג פון אונזער פאָלק, און איהר גלויבט אין די אויפלעבונג פון דער גאנצער מענשהייט. פאַר וואָס – זשע איז אייער אמונה ריכטיגער פון מיינער?

ברוך.

ווייל זי איז בעגרינדעט אויף אַ היסטארישען פונדאמענט, אָבער ניט אויף דער קראנקער פאנטאזיע פון אַ ניעדערגעשלאגענען אונ אַ פאַריאָגטען מענשען..

נחמן.

אונ איהר ווילט ביי דיזען פעריאָגטען מענשען אָבנעהמען די לעצטע האפנונג? דאָס איז דאך — זיין לעצטע האפנונג, דאָס לעצטע שטיק'ל ברויט! איהר קענט עס ניט טהון! איהר האָט ניט קיין רעכט! אויב איהר האָט געפינען אַ נייען וועג — געהט אייך מיט דיזען וועג, נאָר פיהרט ניט קיין אנדערע מיט זיך, ווייל איהר קענט ניט וויסען, וואָהין דיזער וועג פיהרט.

איזערסאהן.

וואייטער פון ציון!

ברוך

איהר קענט זיין אַ בעגלייטער... מיר וועלען צופיהרען!

לאה

באַרים! רעד ערנסטער!..

נחמן

דערווייל האט אייער וועג אין ערגעץ ניט געבראכט, אונ מיר זענען אומעטום ווי פריהער — „זשידעס"!

לאה (בנעימות'דיג).

דאס איז ניט ריכטיג, נחמן!

לייזער

ריכטיג, רב נחמן!

נחמן

ריכטיג! אין גאליציע אין די זעכציגער יאָהרען האט די יודישע אינטעליגענץ געדענקט אזוי, ווי איהר דענקט יעצט! זי האָט זיך געבּרודערט מיט די פאָליאַקען, האט אויסגעמישט דאָס אייגענע בלוט מיט זייער בלוט אונ ניט נאר דורך חתונות, נאָר... נאָר אויך אין מִלְחָמוֹת... (שרייעט כמעט), דאַן האָט זיך דער בלוס פון אונזער יוגענד געחָלוּמְט, אַז די יודישע פראַגע וועט געלעזט ווערען צוזאמען מיט דער פוילישער... אונ וואָס האָט זיך אויסגעלאזט: ווען די פאליאקען זענען געווארען בעלי־בָּתִּים אין עסטרייך, האָבען זיי קודם כל אנגעהויבען צו פערפאלגען דעם „זשיד" אזוי ווי אַ הונד!

לייזער

אזוי, אזוי! אֶמֶת!

נחמן (מיט טרערען אין קול אונ אין די אויגען).

אונ דיזער הונד האָט פֿאַר זיי דאָס בלוט פֿערגאָסען! יאָ! בלוט! מיר זענען פֿערארעמט געוואָרען, מיר זענען געשטאָרבען פֿון הונגער אונ... די שענדליכע הייזער זענען געוועזען איבערפֿילט מיט אונזערע מיידלעך!... ווי נאָר די פאָליאַקען האָבען אָנגעהויבען צו ווירטשאַפֿטען... (הארב איבער-רייסענדיג), נו! אלץ איינס!.. איהר ווילט מיך ניט פֿערשטעהן...

בערעזין (נאָך א קליינעם אלגעמיינעם שטיל-שווייגען).

איהר, נחמן, זענט אונרוהיג, וואָס ביי איך איז ניטא קיין בעל-הבית איך אָבער זאָג אייך נאָך אַ מאָל, אַז די גאַנצע זאַך איז נאָר דערפֿאַר, וואָס ער איז דאָ!

נחמן.

וואו איז ער? עס זענען דאָ נאָר פֿיינד, אָבער קיין בעל-הבית איז ניטא!

בערעזין.

מיר האָבען אַן-אַלגעמיינעם בעל-הבית, אי איהר, אי מיר...

נחמן.

וואו-זשע איז ער? איך זעה איהם ניט אונ איך וויים איהם ניט.

איזערסאהן (שרייעט אויס פון ווינקעל)

דער בורזשוי!

בערעזין.

אונ ווי לאַנג-ער איז בעל-הבית, זענען אייערע חלומות וועגען ציון ניט אויספֿיהרבאַר. וואָס פֿאַר אַ געשעפֿט האָט אייער בורזשואזיע מיט ציון!

איזערסאהן.

עס איז איהר אזוי אויך וואַרם.

בערעזין

אונ ווען מענשען איז ווארם, מיינען זיי, אז אלעמען איז וואַרם. ווען אַ מענש שטעהט ביי'ם אויווען וויל ער ניט וויסען, אַז אויפֿ'ן גאס איז אַ פֿראסט... אין דער הינזיכֿט זענען אונזער בורזשוי מיט אייער בורזשוי איינשטימיג... נו! פרובירט נאָר פֿאַרבעטען אין ארץ-ישראל אייער באנקיר סאקער, וועלכער זויגט קונציג אוים גלייכצייטיג אי רוסען, אי יודען.

נחמן (בעפאלענדיג בערעזינ'ן).

אונ וועד העלפֿט איהם? איך פֿרעג, ווער העלפֿט סאַקער'ן? ווען אַ ארעמער יוד פֿערדיענט אַן'-איבערענען צוואנציגער, שרייען אלע:

„שווינדלער" !.. און ווען סאַקער נעהמט אָן פּאָדריאַדען אויף באַהנען און בערויבט די קאַסע פון דער רעגיערונג אויף הונדערטער טויזענדער, שווייגען אַלע און מ'דריקט איהם די האַנד ! ווער העלפט סאַקער'ן ? מיט ווער טיילט זיך סאַקער ? מיט די יודען ?..

### בערעזין.

דאָס איז גאר אַנ'-אנדער פראַגע און מיט דיזער פראַגע מאַכט איהר נאָר שטאַרקער אונזער פּאָזיציע... ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אָנפּערדינען און אויסקוועטשען די סאָקען, דאַן פערגעסט אי דער יוד, אי דער רוס, אי דער דייטש זיין נאַציאָנאַליטעט און ארדנען זיך איין ווי חברים ! איך רעד גאר וועגען אַנ'-אַנדער זאַך.

### ברוך.

בערעזין האָט אייך פארגעלעגט צו פאַרבעטען סאַקר'ן אין ארץ-ישראל !

### בערעזין

יאָ, פּרובירט!

### ברוך

און ער וועט אייך אָבשיקען צו אלע טייוולען ! געלד וועט ער אייך געבען, וועט צושטימען, וועט אננעהמען דעם טיטעל פון אַנ'-עהרענ-ציוֹניסט, נאר אַריבער פאָהרען אין ארץ-ישראל...

### נחמן

איך וויל איהם גאר ניט פאַרבעטען אין ארץ-ישראל.

### איזערכאהן.

מיר איז בעוואוסט, אַז סאקער איז אַנ'-עהרענ-ציוניסט ! ער שטאלצירט מיט דיזען טיטעל.

### ברוך.

און אין דער שטיל לאַכט ער פון אייך און פון אייערע פּלענער וועגען אויסוואנדערן !

### בערעזין

אליין וועט ער ניט אויסוואנדערן, נאר אַנ'-אָבטיילונג פון זיין באַנק-קאַנטאָר אין ארץ-ישראל וועט ער עפענען מיט פערגעניגען ! (אלע, אויסער נחמן'ן, לאַכען. נחמן קוועטשט מיט די פּלייצעס).

### נחמן

און, דאנקען גאָט, וואָס ער וועט ניט פאָהרען. אַזעלכע, ווי סאַקער, ברויכען מיר ניט !

איזערסאהן.

עס וועלען זיך אויסהאָדעווען איינענע!

נחמן.

מיר וועלען זיי אייך אוועקגעבען!

איזערסאהן.

מיר האָבען פֿאַר זיי קיין מורא ניט! זיי האָבען מורא פֿאַר אונז!

נחמן.

מיר ברויכען קעמפּפֿער! אונ מיר האָבען זיי! זיי וועקען דאָס יודישע פֿאָלק פֿונ'ם טויזענדיאָהריגען שלאָף, צינדען אָן אין איהם די אמונה, וועלכע ווערט אויסגעלאשין אונ, דאַנקען גאָט, אין פֿאָלק איז נאָך געבליעבען גענוג קראַפֿט! נאך די אַלע פֿערפֿאלגונגען אונ ליידען, וועלכע האָבען זיך געשאָטען אויף די יודענ'ס קעפּ אין פֿערלויף פֿון צוויי טויזענד יאהר, האָט זיך דאָס פֿאָלק אָבגערופֿען אויפֿ'ן רוף פֿון דיזע קעמפּפֿער! מיר ברויכען אַנטקעגען קומען זיין בעוואוסטזיין... מיר מוזען איהם פֿיהרען צום אויפלעבען! (צו ברוד'ן) אויב דאָס פֿאָלק איז נאָך ניט שטאַרק אונ גלויבט נאך ניט גענוג אין זיין אויפֿלעבען, מוזען מיר איהם בעגייסטערן! דאָס מוז זיין די ערשטע אַרבייט פֿון אונזער אינטעליגענץ! איהר מוזט אויפֿהעבען אייער שטים צו דער פֿערטיידיגונג פֿונ'ם אונגליקליכען פֿאָלק.

רייזער (שאקלענדיג מיט'ן קאפ).

אזוי, אזוי!

נחמן.

איהר מוזט הויך שרייען אויף דער גאנצער וועלט, אַז עס לעבט נאָך דאָס יידישע פֿאָלק!

לייזער.

אזוי, אזוי!

נחמן.

יאָ! שרייען! אונ איהר־־שווייגט!

איזערסאהן. (ארויסשפרינגענדיג פון ווינקעל פארווערטס, צו נחמן).

אונ וואָס קענט איהר, ציוניסטען, געבען אונז, ארבייטער אונ בעלי מלאכות? איהר פֿאָדערט, אַז מיר זאָלען ארבייטען אונ קָרְבָּנוֹת בריינגען פֿאַר אייער אידעאַל, אַז מיר זאָלען שטעהן אין דער ערשטער רייהע פֿון אייער בעוועגונג...

נחמן.

יאָ! אויב איהר זייט אַ יוד, ברויכט איהר עס צו פֿערשטעהן!

איזערסאהן.

איך בין אַ יוד, פֿונדעסטוועגן פֿערשטעה איך ניט... וואָס קענען אייערע אידעאַלען געבען אונז, יודישע ארבייטער אונ בַעֲלֵי־מְלָאכוֹת? איהר טרייסט אונז מיט אַ גליקליכען לעבען אין ארץ־ישראל... נאָר מיט וואָס וועט עס זיין פֿאַר אונז אַ גליקליכעס?.. איהר ווייזט ניט אָן, ווי זאָל אונז יעצט זיין... אונ מיר קענען ניט ווייטער אזו לעבען! מיר קענען ניט! מיר שטארבען אויס פֿון הונגער, מ׳צווינגט אונז מיר זאָלען עסען איינער דעם צווייטען... אונזערע קינדער האבען ניט קיין מילך!...

נחמן.

איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז די אורזאַך פון אייער נויט ליעגט אין דער אוננאַטירליכער לאַגע פֿונ׳ם יידישען פֿאָלק.

בערעזין.

מיר ־יינען, אז דיזע לאַגע איז אוננאַטירליך ניט נאר ביי יודען אליין...

נחמן.

וואו איז דען, אויף אַזאַ אופֶן, דיזע לאַגע נאַטירליך?..

איזערסאהן.

אויף דער לבנה, העדר נחמן! (א געלעכטער פון די ארומיגע).

נחמן (בייז).

דאַן בלייבט אייך נאר איינס: אַריבער טראגען זיך אויף די לבנה.

איזערסאהן.

צו וואָס? מיר וועלען פרובירען עפּעס עס איז מאַכֿען דא, אויף דער ערד.

נחמן.

נו אט, איך לעג אייך טאקע פֿאָר צו פרובירען דאס מאַכֿען אין ארץ־ישראל!

איזערסאהן.

צו וואָס נאָר אין ארץ־ישראל? אונז איז אלץ איינס, אייך, ציוניסטען, וויל זיך האָבען אנ׳־איינענעס לאַנד, נאר וואָס האָבען מיר פֿאָר מיט אייער לאַנד, אויב מיר וועלען דאָרט אויך גריזעןביינער? מיר וועלען בעסער געהן צו די, וועלכע גריזען אויך ביינער—מעגען זיי זיין ווער עס איז—אונ מיר וועלען צוזאמען לעבען אונ ארבייטען...איהר ווייזט ניט אָן קיינע מיטלען אונז יעצט צו העלפֿען אונ ווילט אונז טרייסטען מיט אייערע חלומות...

### נחמן.

פאַר וואָס מיט „אַייערע" ? דער ציוניזם איז דער אידעאל פון'ם גאַנצען יודישען פאָלק, אונ איהר זענט דאָך אויך, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אַ יוד...

### איזערסאהן (גיט אמאך מיט דער האנד, געהט אוועק אין ווינקעל אונ זעצט זיך).

אונז איז אלץ איינס, וואו מיר זאָלען ניט לעבען אַזוי ווי די שלעפערס: דאָ, אָדער איז ארץ ישראל!

### בערעזין.

איך בין גאַנץ איינשטימיג מיט איזערסאהנ'ן.

### איזערסאהן.

מיר ווילען דאָ לעבען אונ דאָ אַרבייטען! מיר האָבען אונזער אידעאל!

### לאה (זעצענדיג זיך נעהענטער צו נחמנ'ן).

איך, נחמן, גלויב ניט, אז מיר, יודען, זאָלען קענען עפעס גרויסעס מאַכען פאַר'ן יודישען פאָלק... עלענד, אַליין! ווען אַלע מענשען וועט זיין בעסער, דענסטמאָל וועט אויך אונזער פאָלק זיין בעסער...

### נחמן.

אַלעמען בעסער! אַלעמען! נאָר אונז איז נאָך אַלץ אַזוי שלעכט, ווי מיט טויזענד יאָהר צוריק. צי דען וואָהנען מיר ניט אין געטטאָ, ווי מיר האָבען געוואָהנט אין מיטעלאַלטער? צו דען שלאָגט מען אונז ניט, אַזוי ווי מ'האָט געשלאָגען אין מיטעלאלטער? צו דען איז פאַר אונז פאַרהאַן אויף דער ערד גערעכטיקייט, געזעץ, אַכטונג פאַר אונזער פערזאָן? ס'איז ניטא! ס'איז ניט געווען אונ ס'איז ניטא! אונ ס'וועט ניט זיין ביז וואַנען מיר וועלען בלייבען אין גָלות... העלפט דעם פאָלק זיך צוריקקעהרען אַהיים! שרייעט, אז עס איז איהם שוין צייט אַהיים אונ פיהרט איהם אהין! אונ איהר... איהר שווייגט!

### ברוך.

אָבער די גרעסטע דאַגָה פון די הונגעריגע — איז אָבעסען אונ ניט מעהר זיי איז צו פּשטַ'לען זיך וועגען אויפלעבען! אייער אויפלעבען איז נאָר פוטער, מיט וועלכען דאָס ברויט שמעקט בעסער. דאָס פאָלק איז אָרעם, מ'האָט איהם גענומען אַריין נאַרען אין ארץ־ישראל מיט ברויט, איז ער געגאַנגען... אין דעם איז אייער גאַנצעס „אויפלעבען"! יעצט אָבער אַנטלויפען זיי פון דאָרט... עס האָט זיך אויסגעוויעזען, אַז „אויפלעבען" איז נאָר מעגליך דאַנן, ווען עס איז דאָ אַביסעל קאַפּיטאַל!..

נחמן (אויפשפרינגענדיג פון ארט).

איהר בערעדט אייער פֿאָלק! איהר קענט איהם ניט, איהר האָט ניט קיין רעכֿט אַזוי צו רעדען! דאָס... דאָס איז ניט עהרליך!

ברוך (אנגעצונדען).

וואָס האט איהר געזאָגט? ניט עהרליך? איך פֿאָדער, אַז איהר זאָלט זיך ענטשולדיגען (די אנוועזענדע קלויבען זיך צונויף ארום די צוקריעגטע).

לאה.

באָרים! הער אויף!

לייזער.

דו האָסט פֿערגעסען, אַז רב נחמן איז אונזער גאַסט?

בערעזין.

אַזוי, מיינע הערען, טאָר מען ניט!

נחמן (מיט אראבגעפאלענער שטים).

נו, ענטשולדיגט מיך! איך בין שולדיג!

ברוך.

איך וויל מיט אייך ניט רעדען!

נחמן (אויסשטרעקענדיג צו ברוך'ן די האנד).

נו, איך בין שולדיג, איך האָב זיך פֿערגעסען... איך בעט אייך איבער... איך האָב דאָך דערפֿיהלט אין האַרץ אַ גרויסע בעליידיגונג, אונ דיזע בעליידיגונג איז נאָך ביטערער דורך דעם, וואָס זי איז פֿון אַ יודען, (ברוך דערלאנגט נחמן'ן די האנד).

לאה.

דו, באָרים, האָסט אַליין עטליכֿע מאָל געזאָגט נחמן'ן גראָבקייטען...

(געהט אב אונ זעצט זיך, נאך איהר געהט נאך בערעזין, געהט איבער'ן צימער).

נחמן.

אַך, וואָס פֿאַר גראָבקייטען?! צי קען מען זיין רוהיג, ווען עס רערט ניט די צונג, נאָר דאָס האַרץ פֿון מענשען? עס איז ניט מעגליך..! ביי יעדען מענשען איז פֿאַרהאַן אַזאַ אָרט, צו וועלכֿען עס טהוט וועה, זיך אָנצוריהרען. איך האָב אויך גערעדט גראָב.. נאָר די מיינונג האָט דאָך

ניט קיין שייכות צו די ווערטער . .. (זעצט זיך ערמיעדעט אויפ'ן שטול אונ לאזט אראב דעם קאפ) .

לייזער (חוזק מאכענדיג) .

איהר האָט זיך גאָר געוואָלט צו שלאָגען צוליעב סאַקער'ן !

נחמן (שטיל אונ פערקעלרט) .

אַזעלכע, ווי סאַקער, ברויכען מיר ניט, די נשמה צו פערקויפען, - מעג מען אין ארץ־ישראל ניט פאָהרען.

ברוך.

מיר האָבען די נשמות אונזערע ניט פערקויפט אונ פונדעסטוועגען פאָהרען מיר ניט! אפשר האָבען מיר, נאָך אייער מיינונג, שוין פער־קויפט די נשמה ?

נחמן (מיעד) .

וואָס ? וואָס רעדט איהר ? איך האָב דאָס קיין מאָל ניט געדאַכט ..

לייזער (צו ברוך'ן) .

דו ווילסט שטענדיג עפּעס געפינען, אָן וואָס זיך אָנצושטעפען..

דו האָסט זעהר אַ שלעכטען חאַראַקטער, דיר וועט זיין שלעכט צו לעבען אויף דער וועלט...

ברוך.

וועלכען איך האָב-האָב איך ! איך וועל שוין ווי עס איז דורכלעבען ...

נחמן.

איך האָב דאָס געזאָגט גאָר אין אַנ'-אַנדער זין ... אין גאליצע האָט ניט דער יוד קיינע רעכטען, מ'פאַרמאַכט פאַר איהם די טירען פון די שולען, מ'לעגט אויף איהם אַריף אבצאָהלונגען איבער די קרעפטען, מ'זאָגט איהם אָב אי דין, אי משפט ... נאָר דערפאַר דער רייכער יוד, מאָריץ שטערן, וועלכער האָט שוין לאַנג זיין נשמה פע־קויפט דעם טייוויל אונ וועלכער איז דריי מאָל געמשפט געוואָ־ען פאַר מ־איסע עבֵרות, שפּאַציערט אונטער דער האַנד מיט'ן גובערנאַטאָר אַליין ! אויב די נ־שמה פערקויפען (וויינענדיג) קען מען אין ערגעץ ניט פאָהרען ! (ווישט אב די טרערען מיט א טיכ'ל) .

בערזין.

פונדעסטוועגען, זענען אייערע נערווען ניט אין אָרדנונג ...

נחמן.

ע! צי דען האָט אַ יוד נערוועז?! ער האָט ניט קיין נערוועז, קיין האַרץ, קיין נשמה, ער האָט גאָר ניט!... (די אונצעהליגע זייגערס אין מאגאזין. הויבען אן צו שלאגען „12", נאכהער — א קליינע אלגעמיינע פויזע. לאה שושקעט זיך וועגען עפּעס מיט בערעזינ'ן).

לייזער (זיפצענדיג).

צעהן יאָהר וויל איך אַלץ, אַז אַלע זייגערס זאָלען ביי מיר שלאָגען מיט אַ מאָל, אינ דאָס האט קיין מאַל ניט געטראָפען... זיי, ווי די מענשען, קענען קיין מאָל ניט שטימען... (פאַרקלערט געהט ער אוועק אין מאגאזין).

## פאָרהאַנג.

# צווייטער אַקט.

---

די זעלבע דעקאָראַציע

אָבענד. אין מאַגאַזין, ביי אַ טישעל, ביי דער שיין פון אַ ניעדעריגער לאָמפּ אונטער אַ גרינעם קאָלפּאַק, אַרבייט שלמה אַליין, לאה אונ בערעזין זיצען אין זאַל, וועלכער איז איינגעהילט אין דער דעמערונג פון אָבענד. פון איבער דער וואַנד לאָזען זיך שטיל הערען טרויערדיגע אַקאָרדען פון אַ פיסהאַרמאָניע, עמיצער שפּיעלט מענדעלסאָהנ'ס אַ פּרעלודיע. ביים אויפהעבען דעם פאָרהאַנג קומט אַריין פון די וויטערע צימער מאשא מיט אַנ'אָנגעצונדענער לאָמפּ אין די הענד.





מאשא (שטעלענדיג די לאמפ אויפ'ן טיש פאר לאה'ן און בערעזינ'ן).

פֿרייליין! בערעכֿענט מיר...

לאה (פערוואונדערט).

דו ווילסט פֿון אונז אַוועק געהן? פֿאַר וואָס? צו רעדן ביסטו מיט עפּעס ניט צופֿרידען?

מאשא.

וואָרום – ניט צופֿריעדען? צופֿריעדען בין איך, נאָר... ווער ווייס זיי! מ'פּלאַפּלט פֿערשיידנעס... איך האָב מורא...

לאה.

איך פֿערשטעה ניט... (שלמה רייסט זיך אב פון דער ארבייט, חארכט זיך צו צו די מוזיק-אקארדען און שפצט).

מאשא.

מ'פּלאַפּלט עפּעס דאָרט, אַז מ'וועט די „זשידעס" שלאָגען... וואָס נעהט'ס מיר אָן? יעדען, פֿרייליין, איז דאָס לעבען טייער, אַז מ'וועט אָנהויבען שלאָגען–וועט מען שוין ניט אונטערשיידען... (פויזע). אַוועקוואַרפֿען וועל איך אייך ניט, איהר קענט דאָך אויך אָהן אַ מענשען ניט בלייבען, נאָר איהר זוכט אייך אוים...

לאה.

גוט. (מאשא געהט אוועק. א גרויסע פויזע). יעדעס מאָל, ווען איך הער, אַז מ'שלאָגט ערגעץ וואו יודען, פֿיהל איך, אַז איך בין אַ „זשידאווקא"... און אין מיין האַרץ הויבט זיך אָן צו ערוועקען די שנאה צו... אייך, רוסישע, וואָס איהר שלאָגט אונז... אונ דאַן הויב איך אָן צו פֿיהלען דעם פֿערבאַנד מיט מיין פֿאָלק, וואָס אין אַ געוועהנליכער צייט פֿיהל איך ניט... אָט אויך יעצט: ס'זאָגט, אַז אין בעסעראביע ריכֿט מען זיך אויף אַ פּאָגראם...

בערעזין (אומעטיג)

יאָ, כ'האָב געהערט...

לאה.

און איך הויב אָן צו פיהלען אַ שנאה... אפילו... צו דיר...

בערעזין.

צי דען בין איך אין עפּעס שולדיג, לאה? בין איך דען ניט דערזועלבער „זשיד"? מ'האָט מיך אויך דאָס גאַנצע לעבען פערפאָלגט, אָנהויבענדיג פונ'ם גימנאַזיע-בענקעל. איך בין אויסגעוואַקסען אין אַנ'אָרעמער משפּחה. איך האָב געזעהן; ווי שטאַרקע מענשען האָבען ערנידעריגט מיין פאָטער, האָבען ערנידעריגט מיין מוטער... איך בין געוואָקסען מיט אַ שנאה און מיט אַ ציטערניש פון אַ קנעכט פאַר די אַלע רייכע, אויסגעפּוצטע, שטאַרקע... איך האָב דאָס ברויט שטענדיג פערדינט מיט ערניעדריגונג. פאַר די גראָשענס, וואָס מ'האָט מיר געצאָהלט פאַר די לעקציעס, איבערשרייבונגען צייכנונגען — האָט מען פון מיר געפאָדערט אַנ'איינגעבויגענעם קאַרק... מ'האָט מיך געהאַלטען אין פאָרהויז ווי אַ לאָקיי, אויף יעדען שריט און טריט פלעגט מען מיר געבען אָנצוהערענעש, אַז איך בין אַ בעטלער, און אַז מיין, מיט בלוטיגען שווייס פערדינטער, גראָשען איז אַ געשענקטער פון דיזע אַלע זאַטע און צופריעדענע אויסוואורפען... אָט ווען איך האַס!... זיי האָבען מיין נשמה פערדאָרבען: זיי האָבען איהר די פליגלען אונטער-געשאָרען! זיי האָבען אין מיר איינגעהאָדעוועט אַ ניעדערטרעכטיגע פּחדנות. מ'האָט מיך גע'רודפט פאַר יעדע שטרעבונג, פאַר יעדע הינרייסונג צו דער פרייהייט... איך האָב ניט קיין פעסטען ווילען, נאָר שנאה צו זיי האָב איך גענוג! איך בין אויך אַ „זשיד"... איך בין פאַר דיר גאָר ניט שולדיג...

לאה.

דו ביסט ניט שולדיג. איך ווייס עס, און פונדעסטוועגען קען איך ניט דערשטיקען אין מיין האַרץ דיזעס ניט אַנגענעהמעס געפיהל. איך האָב דיך ליעב, נאָר גלייכצייטיג טראָג איך אויף דיר עפּעס אַ כעס... און מיינע איבערגעבענהייט צו דיר איז מיט עפּעס פערגיפטעט... זיי ניט בייז, וולאַדימיר!.. איך בין ניט שולדיג... (אַ אומבעקוועמע פויזע; די אַק רדען פון דער פיסהאַרמאָניע קלינגען טויב הינטער דער וואַנד). דו ביזט בייז?

בערעזין (אויפטרייסלענדיג מיט'ן קאָפּ).

ניין. אַזוי... ס'איז עפּעס מיאוס אויפ'ן האַרצען, עס טהוט מיר באַנג, וואָס מענשען האָט געלונגען אַריין צו וואַרפען אין דיין נשמה אַ פונק פון דער דאָזיגער ווילדער שנאה... ווער שפּיעלט עס דאָרט, אַזוי ווי ער וואָלט וועגען עפּעס געוויינט?

לאה.

אַ קראַנקער יונגע. דער זוהן פֿון אונזער שכן... אַ יוד... עס האָבען איהם אַ מאָל קריסטליכע קינדער געחאַפּט און האָבען איבער איהם אָבגע־אַרבייט אַ מיאוס שטיק'ל! זיי האָבען איהם טוֹבל געווען אין אַ שמוציגען פֿאַס מיט רעגען־וואַסער. ס'איז געוועזן הערבסט... ס'איז געווען קאַלט. ער איז קראַנק געוואָרען און האָט פֿאַרלאָרען די פֿיס...

בערעזין (טהוט אַ זיפץ).

יאָ, אין אונזערע קינדער ווערט אַריין געשטשיפּעט דיזע מוֹרא'דיגע שנאה כמעט פֿון די וויקעלעך אָן... (די מוזיק הערט אויף).

לאה.

ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין מיידל אונ האָב מיך נאָך געלערענט אין גימנאַזיע האָט מיט מיר געפּאַסירט אַ צופֿאַל... איך וועל איהם קיין מאָל ניט פֿערגעסען, ביז'ן סאַמען טויט... איך קען איהם נאָך יעצט ניט אַרויסוואַרפֿען פֿונ'ם קאָפּ...

בערעזין.

וואָס־זשע האָט מיט דיר געפּאַסירט?.. (פּויזע) לאה!

לאה.

ס'איז פֿערלאָרען געוואָרען אַ קריסטען־קינד, אַ יונגע פֿון אַ יאָהר פֿיער אונ אין שטאָדט האָט מען אויך אַזוי אָנגעהויבען שמועס'ן, אַז יודען האָבען איהם גע'הרגט.

בערעזין.

די רוֹימער האָבען אין דעם בעשולדיגט אויך די ערשטע קריסטען...

לאה.

מיינע חברת'עס האָבען זיך אָנגעהויבען צאַנקען וועגען דעם, צו בראויכען מיר קריסטליכעס בלוט אָדער ניין. איינע איז צו מיר צוגעגאַנגען, אונ האָט מיך געפֿרעגט: „איז דאָס אֶמת?“ איהר פּנים'ל איז געוועזן איינגעקקש'ענט. עס שטעהט נאָך ביז יעצט פֿאַר מיינע אויגען... איך האָב געזאָגט אַז דאָס איז ליעגען. דאָס מיידל אָבער איז ניט אָבגעשטאַנען, די אַנדערע האָבען זיך צוגעהערט אונ אַלע האָבען מיך געפֿרעגט מיט זייערע נייגיעריגע בליקען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געקוקט אויף עפּעס אַ חיה... איך האָב פֿאָרגעלעגט, מ'זאָל פֿרעגען דעם גלח. ווען ס'איז געווען די לעקציע פֿון רעליגיע, בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט איהם אין קלאַס אונ האָב זיך געזעצט נעבען יענעם

מײד'ל... װען ס'איז אין קלאַס געװאָרען שטיל, האָט זיך דאָס מײד'ל אַװעק געשטעלט און האָט הױך געפֿרעגט דעם גלח: איז דאָס אמת?...

### בערעזין.

װאָס־זשע האָט ער געזאָגט?

### לאה.

ער? ער האָט געזאָגט, אַז די דאָזיגע זאַך איז אַ פֿינסטערע און ער קען זי ניט בעשטעטיגען, ער קען זי אָבער אױך ניט אָבלײקענען... אַזױ האָט ער געזאָגט!... דאַן האָט זיך מײן שכנת'טע צו מיר אױסגע־דרעהט און האָט נענוג הױך אַרײן געשושקעט: „װאָס? װער האָט רעכט?" ס'איז מיר געװאָרען אַזױ װעה און פֿערדראָסיג, אַז איך האָב זיך צוכליפּעט... דער גלח האָט געענטפֿערט: זי איז אַ „זשידאװקא". (שושקעט). מיט מיר האָט פּאַסירט אַ היסטעָרישער אָנפֿאַל... (װערט שטיל; פֿון הינטער דער װאַנד הערען זיך װידער די אקארדען פֿון דער פּיסהארמאניע).

### בערעזין.

לאה! ס'דאכט זיך דו װײנסט? (נעהמט איהר האַנד). ס'לױנט ניט, טײבעלע, צו װײנען...

### לאה.

נײן, איך װײן ניט, נאָר ס'איז מיר שװער דאָס צו דערצעהלען... אַזױ װי דאָס האָט יעצט נעכטען געטראָפֿען... דאָס איז געװעזען אַ גרױסע טראַגעדיע אין מײן קלײנענקער נשמה... און יעצט האָב איך זיך דער־מאָנט אָן דיזע טראַגעדיע און מיר דאכט זיך, אַז זי האָט זיך נאָך ביז יעצט ניט געענדיגט... און װעט זיך קײן מאָל ניט ענדיגען... ביז'ן סאַמען טױט...

### בערעזין (קושט לאה'ן די האַנד).

װאָס טױג אַזױ צו רעדען?... מ'ברױכט ניט... שױן צײט דאָס צו פֿערגעסען...

### לאה.

כּל זמן מיר האָבען געװאָהנט אין פּעטערבורג, האָב איך נאָך געקענט פֿערגעסען, אַז איך בין אַ „זשידאװקא". יעצט אָבער קען איך דאָס ניט אַרױס װאַרפֿען פֿון קאָפּ. אײן אֶמתן! סקען זײן, אַז בײ יעדען מענשען לעבט שטענדיג טיעף אין האַרצען אַ אונשפּירבאַרע צובינדליכקײט צו זײן נאַציאָנאַליטעט. זײן אמונה...

### בערעזין.

אמונה?

לאה.

יאָ. מיך ריהרט ניט אָן אונזער אמונה אונ פיעל זאַכען קומען מיר אין איהר פאָר... נאַריש. נאָר צייטענווייז, ווען איך הער, אַז דער פאָטער לייענט זיינע שבת־דיגע תּפלות, גיעט זיך עפּעס פלוצלינג אַ ריהר אין האַרצען, וויטי־ווייט דאָרט ערגעץ, דערמאַנט זיך עפּעס אייגענ׳ס, נאָהנטעס, און מ׳בעקומט אויף עפּעס אַ רַחֲמָנות, (שטיל) אונ דאָס האַרץ הויבט אָן פלוצלינג צו קלעמען—קלעמען... ס׳פערווילט זיך וויינען. (לאזט אראב דעם קאפ).

בערעזין.

דו ווילסט, דאַכט זיך, אין אֶמֶת׳ן וויינען? הער אויף!

לאה.

ניין. אַזוי. מיר איז עפּעס אומעטיג. מיר איז אַ רַחֲמָנות נחמן׳ן... ס׳קען זיין, אַז ער האָט שוין פערשטאַנען... (די אקארדען פון דער פיסהארמאניע רייסען זיך איבער).

בערעזין.

דו האָסט זיך נאָך מיט איהם ניט ערקלערט?.. מ׳ברויכט איהם זאָגען... ס׳איז ניט גוט...

לאה.

איך לעֶג אַלץ אָב. אַז איך גיעב אויף איהם אַ קוק, בעקום איך אויף איהם אַזוי פיעל רַחֲמָנות, אַז איך קען ניט... ער איז זעהר אַ גוטער מענש... דער פאָטער פערהאַלט זיך צו איהם מיט׳ן גרעסטען עהרען־געפיהל... איך האָב אויך אַ מאָל פאַר איהם די קניע גבויגען... איך בין איהם מיט פיעל זאַכען דאַנקבאר...

בערעזין.

אַ מענש איז ער אַגוטער, נאָר איהם פעהלט וויסען, ער האַלט נאָר אין איין „געפינען אַמעריקעס״. ערקלער זיך מיט איהם שנעלער... מיר דאַכט זיך, אַז ער מערקט עס... ער קוקט עפּעס מאָדנע אויף מיר... ער האָסט מיך... אונ דעם פאָטער זאָלסטו אויך זאָגען...

לאה.

אָט דאָס איז טאַקע פאַר מיר—אַ פּיין! פאַר׳ן פאָטער וועט עס זיין אַ גרויסער קלאַפּ... זאָגען איהם דעם גאַנצען אֶמֶת, הייסט עס נעהמען אַ מעסער אונ מיט די אייגענע הענד אַריין שטעכען איהם אין האַרצען... נאָר דאָס איז דאָך אויך אַ פּיין: ליעבען אונ זיך בעהאַלטען אונ יעדע מינוט מורא האָבען!.. איך בין אַזוי ווי אַ פערברעכערין! איך לעב אונטער אַ אייביגער מורא, אַז מיין עברה זאָל זיך, חלילה, ניט ענטדעקען...

בערעזין.

יאָ, ליעבען בעהאַלטענערהייט-געפֿעלט מיר אויך ניט...

לאה.

איך בין מקנא מיין שוועסטער: זי האָט זיך אָהן גרויסען ישוב הדעת געטויפֿט, חתונה געהאַט מיט אַ רוסישען און לעבט זיך יעצט מיט איהר אייגענעם לעבען. זי האָט זיך אין גאַנצען אָבגעריסען פֿון דער פֿאַמיליע און זשאלעוועט גאָר ניט דעם פֿאָטער... דער פֿאָטער פֿערבוט צו דערמאָנען איהר נאָמען.

בערעזין.

זי איז אַ חוואַט! וואָס האָבען מיר פֿאַר מיט די עלטערען? מיר האָבען אונזער אייגען לעבען און מיר אַליין האָבען דאָס רעכט מיט איהם צו שאַפֿען ווי אונז געפֿעלט. מ'מוז אַלץ ברעכען, וואָס ס'שטערט צו לעבען... דיזע אַלע שמאַטעס פֿון דער היינטיגער זאַטער געזעלשאַפֿט בינדען אונז הענד און פֿיס... דאָס איז ריכטיג!..

לאה.

דו רעדסט אַזוי, ווען דו ביסט נעבען מיר. אין דער היים אָבער רעכענסט דו זיך, געוויס, מיט די עלטערן... איך ווייס, אַז זיי געפֿעלען ניט אונזערע פֿערהעלטניסען.

בערעזין (מיט א זיפץ).

וואָס געהט'ס מיר אָן? „אַוועקגעהענדיג אין אַ נייע וועלט, טאָר מען מיט זיך קיין שום זאַך ניט מיט נעהמען פֿון דער אַלטער וועלט"... דאָס איז ריכטיג!

לאה (פערקלערט).

אין דער היים ווייזט דו, געוויס, אויף, אַז איך בין גאָר ניט עהנליך צו אַ יידין!.. ס'איז מאָרגע. אַז איהר זעהט אַ גוטען יודען, וועלכען איהר קענט ניט קיין שום שלעכטע מִדָה פֿאָרוואַרפֿען, זאָגט איהר: „ער איז ניט עהנליך צו אַ יודען!" . וואַרום? ער איז דאָך פֿאָרט אַ יוד!

בערעזין.

לאה! ווער איז דאָס-„איהר"? וועגען וועמען רעדסט דו?

מאשא (זיך בעווייזענדיג אין טהיר),

כ'האָב שוין דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר, פריילין! (וויל אוועקגעהן).

לאה.

מאשא! שמעה!

מאשא.

וואָס, פריילין?

לאה:

דו האָסט מיך פיינד?

מאשא.

וואָס רעדט איהר, פריילין! גאָט איז מיט אייך! פאַר וואָס זאָל איך אייך פיינד האָבען?

לאה:

פאַר דעם, וואָס איך בין אַ „זשידאווקע!"·

מאשא.

עס הויבט זיך ניט אָן! איהר זייט דאָך ביי אונז אַזאַ גוטענקע, ליבענקע··· אין אייך איז דאָך יודישעס אפילו אויף אַזוי פיעל (בעוויזט מיט'ן שפיץ פון קליינעם פינגער'ל) ניטא· ביי גאָט! קיינער וועט דאָך ניט זאָגען, אַז איהר זייט אַ „זשידאווקע"···

לאה (מיט א איראניזען שמייכעל).

ניט עהנליך?

מאשא.

ניט אַ ברעקל! אייער כאַראקטער איז אַנ׳געבט רוסישער!

לאה (מיט א געלעכטער).

אָט, אַ שענעם דאַנק! געה! געה!

מאשא.

אָבער ביי גאָט! צו דען וועט ווער זאָגען, אַז···

לאה.

שען, שען! געה! אַ דאַנק פאַר אַ קאָמפּלעמענט! (מאשא געהט אוועק) אָט זעהסט דו?

בערעזין.

געפונען אַ בעוויז! (לאה העוט ניט אויף צו לאכען). דאָס איז, לאה, אַ קלייניקייט, מיט וועלכער אין אָמֶת׳ן, איז אַ חרפּה זיך צו רעכענען·

לאה (איבערריימענדיג דאס געלעכטער; ערנסט).

און דו האָסט קיינ מאָל אַזוי ניט גערעדט? דערמאָן דיך!

בערעזין.

איך?

לאה.

דערמאָן דיך!

בערעזין.

ניין, איך געדענק ניט...

לאה.

ווינטער, אויפ'ן סטודענטישען אָבענד... גינזבורג האָט דיך געבעטען דו זאָלסט איהם בעקענען מיט עפּעס אַ פריילין... אַ בלאָנדינקע, געדענקסט דו? זי האָט געפרעגט: איז ער אַ „זשיד"? און דו האָסט איהר געענטפערט: חאָטש ער איז אין דער ווירקליכקייט אַ יוד, פונדעסטוועגען איז ער אַזאַ גוטער, אַז ער איז גאָר ניט עהנליך צו אַ יודען"!

בערעזין (פערשעמט).

עפּעס עהנליכעס איז, דאַכט זיך, געוועזען...

לאה.

ניט עפּעס עהנליכעס, נאָר דאָס איז טאַקע אַזוי געוועזען...

בערעזין.

די, לאה, ווילסט אין אַלץ געפינען אַ בעליידיגונג און דעריבער געפינסט דו... צו דען קען מען צו אַזאַ קלייניקייט צוגעבען אַ ווערט?.. דו האָסט אַ קרענקליכע איינגענליעבע...

לאה.

געוויס. איך וויים ניט... דיין ענטפער האָט מיר אַ שטאָך געטהון אין סאַמען האַרץ... און איך האָב די גאַנצע נאַכט אָהן אויפהער געוויינט און מיר איז געוועזען אַזוי בעליידיגענד, אַזוי וועה!.. איך האָב זיך געסטאַרעט זיך איינצורעדען, אַז איך האָב דיך ניט ליעב... (אין מאגאזין געט אריין דעם אפטעקער'ס שליח נאכ'ן זייגער, שלמה ווישט אוים דעם זייגער מיט א זאמש, וויקלעט איהם איין אין א פאפיער און גיעט איהם איבער. דער שליח געהט אוועק).

בערעזין (קושט לאה'ן אין האנד).

נאָר דו האָסט זיך ניט איינגערעדט? יאָ? ניט איינגערעדט? דו האָסט מיך ליעב... איך וויים... (שלמה קוקט אריין אין זאל, מיט א פארוואורף

שאקלעט ער מיט'ן קאפ און זיפצט. געהט ווידער צו צו'ם טישל. נ.ג.ר צייטענווייז רייסט ער זיך אב פון דער ארבייט און הארכט צו).

לאה (שטיל)

אָ, ווען איך וואָלט געקענט ניט ליעב האָבען! .. (לאזט אראב דעם קאפ. בערעזין, שטעהענדיג- נעבען איהר, גלעט לאה'ן איבער'ן קאפ און קוקט איהר אריין אין די אויגען). איך האָב ליעב-זיך צו'ם אונגליק! (אויפהאפענדיג זיך). וואַרט! געה אַוועק! ראַכט זיך, עמיצער געהט... דער פאָטער...

בערעזין.

קיינער איז ניטא... וואָס האָסט דו זיך אַזוי דערשראָקען? .. אַלץ איינס...

לאה.

אַך, ווי איך האָב זיך דערשראָקען! .. (פויזע) איך וויל דיר נאָך זאָגען... איך בין ניט רעליגיאָז... איך האָב ניט קיין אמונה... נאָר טויטען זיך קען איך ניט... דו ווערסט דאָך מיך אַזוי אויך ליעבען?

בערעזין.

וואָס פאַר אַ פראַגע!

לאה.

נו, אָט אַזוי איז גוט! אַזוי איז גוט! זאָל זיין אַזוי...

בערעזין.

אויב איך האָב אָנגעהויבען וועגען דעם צו רעדען, איז, פערשטעהט זיך, ניט צוליעב דעם, ווייל איך זאָל עס האַלטען פאַר וויכטיג אין אונזערע פערהעלטניסען...

לאה.

יאָ, געוויס! איך וויים... זיי ניט בייז! ..

בערעזין.

איך האָב דיר נאָר געזאָגט, אַז זאָנסט קענען שטעהן אויף אונזער וועג טויזענד שטערונגען און דערנער און איך האָב מורא, אַז דו, טייבעלע, וועסט מיער ווערען!

לאה.

איך וועל ניט מיער ווערען. און אויב איך וועל מיער ווערען-וועל איך שטאַרבען און וועל אַברוהען... איך קען זיך ניט טויטען... מיין

גאַנצעס וועזען, דער גוף און די נשמה, זענען געגען דעם און מיר דאַכט זיך, אַז אויב איך וועל עס טהון, וועל איך .. פערליערען אי זיך, אי דיך ... (אין מאגאזין—א אויטאמאטישער קלונג, אהין געהט אריין נחמן. לאה רייסט איבער די רייד דערשראקען און שפרינגט אויף).

לאה.

דאָס איז ער ... דער פאַטער!.. (ווערט פערלארען אין די וויטערע צימער. בערעזין, קרייזעלנדיג נערוועז די האר אויפ'ן קאפ, געהט הין און צוריק איבער'ן צימער).

נחמן (ענטפערנדיג אויף שלמה'ס גרוס).

גאָט העלף, שלמה! דו אַרבייטסט?

שלמה.

כ'אַרבייט. ווי דען, רב נחמן? איך וועל ניט אַרבייטען,–וועל איך ניט עסען...

נחמן.

רב לייזער איז אין דער היים?

שלמה.

זיי זענען ניטא. זיי זענען אַוועקגעגאַנגען געשעפטליך,–באַלד וועלען זיי צוריק קומען... איז עס אֶמֶת, אַז אין בעסעראביע איז זעהר אונרוהיג און מ'וויל דאָרט מאַכען אַ פאָגראָם?..

נחמן.

אין די צייטונגען איז דערוויל גאָר ניטא. נאָר מ'זאָגט אַז דאָס איז אמת. מיינער אַ בעקאַנטער האָט ערהאַלטען אַ בריעף... אין דרום–רוסלאַנד איז אַ גרויסע אויפרעגונג: די יודען, שוין פון אַ וואָך צוויי, לעבען אין מורא. רייכע בעהאַלטען דאָס געלד אין באַנק און אַנטלויפען, און די אָרעמע האָבען ניט וואָס צו בעהאַלטען און וואוהין צו אַנטלויפען...

שלמה.

אוי, אוי, אוי! פאַר וואָס זאָל מען אונז שלאָגען? צו דען לעבען די אָרעמע יודען בעסער, ווי די אָרעמע רוסען, אָדער פאָליאַקען?.. די, וועלכע האָבען אַיין קישען און אַיין הערינג אַ טאָג, וועט מען שלאָגען?.. פאַר וואָס?

נחמן.

יאָ, שלמה, גאָט וויל אונז עפּטער דערמאָנען, אַז מיר זענען יודען און זענען אין גלות, אַז ס'איז צייט, אַז מיר זאָלען שוין אָנהויבען טראַכטען וועגען ארץ־ישראל! (געהט דורך אין זאל).

שלמה.

אמת, אמת, רב נחמן! (זעצט זיך ויעדער צו דער ארבייט. נחמן בעגריסט זיך מיט בערעזינ'ן אהן ווערטער;ביידע געהען איבער'ן צימער, פיינדליך אויסמיידענדיג איינער דעם צווייטען).

נחמן.

האָט איהר געהערט גוטע נייעס?

בערעזין.

כ'האָב נאָר ניט געהערט. וועלכע נייעס?

נחמן.

אין בעסעראביע וועט מען אין גיכען ווידער שלאָגען די „זשידעס".

בערעזין.

כ'האָב ניט געהערט. זעהר טרויעריג.

נחמן.

אונ זעהר פיינליך!

בערעזין.

ס'קען זיין. מיך האָט מען ניט געשלאָגען...

נחמן.

זעהר טרויעריג!..

בערעזין.

צו דען וואָלט איך געווען אַנגענעהם, ווען מ'וואָלט מיך אָנגעשלאָגען? ס'איז מאָדנע!

נחמן.

דאַן וואָלט איהר בעסער פערשטאַנען, ווי שלעכט איז עס, ווען מ'שלאָגט מענשען נאָר דער פאַר, ווייל זיי זענען געבאָרען געוואָרען יודען... אונ אַנדערע זאָגען, אַז דאָס איז „זעהר טרויעריג!".. ס'איז פיינליך, העדר בערעזין! זעהר פיינליך! אונ אייך איז, געווים, א חרפּה...

בערעזין.

פאַר אַנדערע?

נחמן.

געווים!.. (פויזע) איך וועל אייך פאָרלעגען אַ פראַגע. איך האָב אָבער מורא, אַז איהר קענט זיך ווידער בעליידיגען...

בערעזין.

וואָרום? מיט פּערגעניגען, פּרעגט!

נחמן.

איהר האָט קיין מאָל ניט געזעהן, ווי מ'שלאָגט אונז, „זשירעס"?

בערעזין.

ס'איז מיר ניט אויסגעקומען... אונ איך בין זעהר צופריעדען...

נחמן.

דאָס איז זעהר אַ שעֶנעס בילד... ס'קען זיין, ביי אונז וועט אויך זיין אַ פּאָגראָם,–דאַן וועט איהר אויך זעהן...

בערעזין.

מיך וואונדערט אייער טאָן...

נחמן.

איך וואָלט וועלען וויסען, וואָס וועט איהר טהון, בעת איהר וועט זעהן, אַז מ'שלאָגט יודען?

בערעזין.

ס'איז אייך אינטערעסאנט?

נחמן.

זעהר. אויב אייערע ברידער וועלען פּאַר אייערע אויגען שלאָגען יודען, וואָס וועט איהר טהון?

בערעזין (אויסמיידענדיג אנ'ענטפער).

איך וויים ניט...

נחמן.

איהר מוזט דאָך עפּעס עס איז טהון! צי איהר וועט אייך שטעהן אָן אַ זייט אונ קוקען? צי דאָס „געהערט ניט צו אייך"? זאָל די מענשהייט אויפּבליעהען, אונ זאָל זי זיך געזונדערהייט שלאָגט די יודען, ווי די הינד?!

בערעזין.

איהר ווילט דורכאויס, אַז איך זאָל זיין שולדיג אין דעם, וואָס אַנדערע טהוען?

נחמן.

איך בעשולדיג אייך אין גאָר ניט. איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען,

וואָס ברויכעָן צו טהוּן אין אַזעלכֿע צופֿעָלע, אַזעלכֿע מענשען, ווי איהר? זיי קענען דאָך ניט שווייגענדיג זיך צוקוקען און קלערען, אַז ס'איז מיט נאָך אַ טריט נעהענטער צו'ם טריאומף פֿון דער סאָציאַל־דעמאקראטיע?

בערעזין.

סוף כל סוף, וואָס ווילט איהר, אייגענטליך, פֿון מיר??

נחמן.

צי וועט איהר אַריין טרעטען אין די מחנה רויבער, ווען זיי וועט זיך פֿערגלוסטען אונז צו שלאָגען און צי וועט איהר וועלען איינהאַלטען די נאַרישע חברה־לייט און די לאבוסעס?

בערעזין (אויפגערייצט.)

איך וויים אַליין, וואָס איך האָב צו טהוּן, און איך האָב ניט נויטיג ביי אייך אַן עצה צו נעהמען. דאָס איז ניט אייזעל... צו קריעכֿען אין אַפֿרעמדע נשמה... (אין טהיר בעוויזט זיך לאה, א צושראקענע פון דעם נאהנטען קריעג).

לאה.

גוטען אָבֿענד, נחמן! וולאדימיר ניקאלאיעוויטש! איהר האָט זיך ווידער, מיינע הערען, אָנגעטשעפּעט איינער אָן דעם אַנדערן? איהר דיספוטירט אַזוי ניט שעָן אַז מ'קען מיינען—איהר קריעגט זיך!..

נחמן.

איך, לאה, בין אַן'—אונגליקליכער מענש. ווען איך וויל זיך הערצליך דורשמועס'ן, מיינען אַנדערע, אַז איך קריעך מיט די פֿיס אין נשמה אַריין. איך אָבער ערלויב מיר דאָס קיין מאָל ניט, ווייל איך וויים פֿון אייגענער ערפֿאַהרונג, ווי מיאוס דאָס איז, ווען אין דיין נשמה קריעכֿט מען אַריין מיט די פֿיס. אין די יודישע נשמה קוקט מען דאָך טאַקע נאָר אַזוי אַריין, מיט די פֿיס אין בלאָטיגע קאַלאָשען!..

לאה.

זאָל שוין נעהמען אַ סוף! איהר זייט ביידע גוטע מענשען... צו וואָס זאָלט איהר זיך איביג קריעגען?... ווי די שונאים...

נחמן.

איך האָב נאָר געפֿרעגט וולאדימיר ניקאלאיעוויטש'ן, וואָס וועט ער טהוּן, ווען אין זיינע אויגען וועט מען אָנהויבען שלאָגען יודען. צי דען איז מיין פֿראַגע ניט אייזעל? איך האָב גאָר ניט געמיינט קיין פערזענליכֿקייט; איך האָב זיך געוואָלט דערוויסען, ווי אַזוי ווערען ביי זיי אַזעלכֿע פֿראַגען געלעזט, איך האָב קיין מאָל ניט געזעהן, ניט געהערט און

ניט געלעזען, אַז די רוסישע אינטעליגענץ זאָל פּרובירען אָבהאַלטען דאָס אויס׳הַרְגְ׳נען די יודען. אַלע בעהאַלטען זיך, איילען זיך צו בעשטעטיגען דורך די פּאָליציע, אַז זיי זענען קריסטען און זייער פּערמעגען איז אַ קריסטליכעס... אין בעסטען אופן, צייגט זיך זייער בְּרִיָה׳שאַפט אין דעם, וואָס איינינגע מוטיגערע פון זיי ערלויבען אַ מאָל די „אַנשטאַנדיגע" יודען זיך צו בעהאַלטען אונטער זייער דאַך. איהר זאָגט אַז אַזעלכע מענשען ווי איהר, דאָס הייסט די, וואָס דענקען גלייך מיט אייך, איז פאַרהאַן פּיעל. נאָר וואו זענען דיזע מענשען, ווען מ׳שלאָגט, מ׳שענדעט און מ׳ראַבירט יודען?

## בערעזין.

אין דער הינזיכט בין איך אויך אַזוי אָהנמעכטיג, ווי איהר. איך בין אויך אַזאַ „זשיד" צווישען מיינע ברידער, ווי איהר—צווישען רוסישע! איהר פערשטעהט דאָס אַלץ אויסגעצייכענט... ס׳איז אינטערעסאַנט צו וויסען וואָס וועט איהר טהון?

## לאה.

די לאַגע, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, איז גאָר ניט דיזעלבע...

## נחמן.

מיך וועט מען שלאָגען און איהר וועט קוקען... איך אָבער וועל אייך דאָך זאָגען, וואָס איך וועל טהון... (מיט פייער). איך וועל זיך ניט אָבזאָגען פון מיין פאָלק. איך וועל ניט אָנטהון אויפ׳ן האַלז אַ צְלָם און איך וועל ניט נעהמען אין די הענד קיין הייליגע בילדער, כדי זיך צו בעהאַלטען הינטער דעם רוקען פון אייער גאָטט! ניין! אויב מ׳וועט דאַרפען שטאַרבען—וועל איך שטאַרבען אַ יוד! איך וועל זיי פערפלוכען און וועל אויך שלאָגען, ביז וואַנען מיינע הענד וועלען ניט אָבפאַלען צוזאַמען מיט מיר! איך וועל נעהמען אין האַנד אַ רעוואָלווער (האַפּט אַרויס פון טאַש אַ רעוואָלווער) און וועל פערטיידיגען מיין פאָלק, מיין אמונה, זיך אַליין! איך האָב אַ טרייען פערטיידיגער! איהם איז אַלץ איינס צי איך בין אַ יוד, צי אַקריסט! און ווען איך וועל זעהן אַז מ׳ברויכט צו שטאַרבען, וועל איך אַליין הרג׳נען נחמן׳ן! אַליין!

## בערעזין.

מיט׳ן רעוואָלווער ווערען אַ זעלכע פראַגען ניט געלעזט... ווי נאָר די מענגע וועט דערזעהן אין אייערע הענד אַ רעוואָלווער,—וועט זי ווערען ווילד און דאַן וועט זיך אָנהויבען אַ בלוטיגער משפט... אַ שלעכטע טובה קענט איהר טהון אייער פאָלק...

נחמן.

וואָס–זשע ווילט איהר? איהר ווילט, אַז איך זאָל פֵּגֶר'ן ווי ?

בערעזין.

איך וויל דאָס גאָר ניט!

נחמן.

אפילו די הימלאַזע הינד, ווען מ'חאַפּט זיי גריזען זיי זיך אָב, און איהר הייסט מיר זיך ניט פֿערטיידיגען?

לאה.

ווער איז דאָס–„איהר"? צו וואָס ווענדט איהר, נחמן, אייערע בעשולדיגונגען אויף וואלדימיר ניקאלאיעוויטש'ן?

נחמן.

וולאדימיר ניקאלאיעוויטש געפֿינט אָבער פֿאַר איבריג מיין זעלבסט-פֿערטיידיגונג. יעדער האָט דאָס רעכֿט זיך צופֿערטיידיגען, אויב ס'פֿאַלט אָן אויף אַ מענשען מערדער איהם צו הַרגֶ'נען אָדער צו ראַבירען,–מעג יעדע לוים געזעץ שיסען... נאָר מיר, יודען...

בערעזין.

איך האָב גערעדט ניט וועגען דאָס רעכֿט, נאָר וועגען די ניצליכקייט פֿון דער טהאַט.

לאה:

נחמן, איז דען דאָ פֿיעל, אַזוי ווי איהר? געהט אייך אין די יודישע קווארטאַלען: דאָרט וועט איהר זעהן, צי דיזע מענשען זענען פֿעהיג זיך צו פֿערטיידיגען...

נחמן.

איך קען דיזע קווארטאלען, איך קען זיי זעהר גוט... איך האָב דאָרט געוואָהנט, ניט נאָר אַמאָל געוועזען...

לאה.

די יודישע אָרעמע קלאַסע וועט זיך ניט פֿערטיידיגען. זי איז פֿעהיג נאָר צו קרעכצען און צו שרייען פֿון פַּחַד.

בערעזין.

וועגען דעם רעד איך טאַקי. ווען מיר בעטראַכטען אַ זאַך פּרינציפּיעל, מוזען מיר אַראָבוואַרפֿען פֿון וואָגשאָל אַלע פּערזענליכע געפֿיהלען, אויפֿ-

רעגונגען, אויגענבליקליכע שטימונגען . מיר מוזען קוקען פון דעם שטאַנד־פונקט, ווי וויים די קרעפטען אונ די טהאַטען ברייגגען וואָס מעהר נוצען...

נחמן.

איהר זייט זעהר קאלטבלוטיג . דאָס איז אַ סימן, אַז ניט אייך וועט מען שלאָגען .

בערעזין.

אַזוי איז ניט מעגליך צו רעדען... איינער רעדט בוידעם, דער אַנדערער קלאָץ... (געהט צו צו לאה'ן, רעדט עפעס מיט איהר שטיל. נאכהער זעגענט ער זיך אהן ווערטער מיטביידען אונ געהט אוועק).

לאה (שרייעט נאך בערעזינ'ן).

איך וועל וואַרטען!

בערעזין.

גוט! (געהט אוועק דורכ'ן מאגאזין).

מאשא (אין טהיר)

איהר, פריילין, האָט פערגעסען וועגען סאמאוואר? (געהט אוועק).

לאה.

ווילט איהר טהעע? קומט!

נחמן.

איך דאַנק! (געהט נאך לאה'ן אין די ווייטערע צימער)

ישראל (אריין קוקענדיג אין פענסטער פונ'ם מאגאזין).

אפשר ווילט איהר זיך דערוויסען, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט?

שלמה.

ווי איז דען אַנדערש? קומט נאָר אַריין! (ישראל קומט אריין אין טהיר) איז פאַרהאַן עפעס אינטערעסאנטעס?

ישראל.

ווי שיקט זיך עס זאָל ניט זיין? די וועלט איז זעהר גרויס און אין יעדער מינוט קומט ערגעץ פאָר עפעס אינטערעסאנטעס... עפעס בעזונדערס...

שלמה.

וועגען אַ יודישען פאָגראָם איז ניטא?

ישראל.

געלויבט איז גאָט, ס'איז ניטאָ. צו דען האָט איהר זיך פֿאַרבענקט, מ'האָט אייך שוין אַזוי לאַנג ניט געשלאָגען?

שלמה.

מ'זאָגט, אַז אין בעסעראביע וויל מען מאַכען אַ פּאָגראָם.

ישראל.

זאָלען זיי „וועלען"—! מ'האָט אונז שוין פֿיעל געשלאָגען. מ'וויל אונז שטענדיג שלאָגען... און מיר זענען דאָך-לעבעדיג! וואָס האָט איהר אַזוי מורא?

שלמה

און צי דען האָט איהר ניט קיין מורא?

ישראל.

איך האָב ניט קיין מורא.

שלמה

וואָס-זשע, איהר וועט אָנטהון אויפ'ן האַלז אַ צלם?

ישראל.

צי וואָס-אַ צלם?! ווען ס'איז מיט צעהן יאָהר צוריק ביי אונז געווען אַ פּאָגראָם, האָב איך אָנגעטהון אַ היטעל מיט אַ קאָקאַרדע, כ'האָב זיך געשפּאַצירט איבער די גאַסען און קיינער האָט אויף מיר קיין פֿינגער ניט גערעגט. דאָס היטעל האָב איך נאָך יעצט אויך. (שלמה לאכט). און וואו איז אייער בעל-הבית? איך האָב צו איהם אַ געשעפֿט.

שלמה.

דער בעל-הבית איז ניטאָ. ער איז אויף איך בייז...

ישראל.

אוי, אוי, ווי מיעד איך בין! צי קען מען אַ ביס'ל אָברוהען? (זעצט זיך צו אויפ'ן בענקעל).

שלמה.

נו, וואָס פֿאַר אינטערעסאַנטע נייעס איז דאָ אין די גאַזעטען?

ישראל.

זעהר פֿיעל אינטערעסאַנטעס. אַ נומער קאָסט נאָר 5 קאָפּעקען, און פֿאַר דאָס געלד קענט איהר וויסען אַלץ, וואָס ס'טהוט זיך אויף דער

וועלט... יעדער מענש מוז וויסען, וואָס ס'טהוט זיך אויף דער וועלט... נעהמט א גאַזעטע!...

שלמה.

איך בין אייך נאָך שולדיג... אונ היינט האָב איך ניט קיין געלד...

ישראל.

דאָס מאַכט גאָר ניט אויס, מעג פֿון אייך קומען. (רוקט איהם אריין א בלאַט צייטונג). ס'וועט פֿון אייך זין גאַנצען קומען 15 קאָפּעקעס, פֿאַר דריי נומערן. איהר האָט געזאָגט, אַז דער בעל־הבית איז בייז אויף מיר? פֿאַר וואָס קען ער עס זיין בייז?

שלמה.

פֿאַר דעם, ווייל איהר רעדט פֿון אונז אָב די דיענסטען.

ישראל.

גאָט זאָל היטען! פֿאַר וואָס זאָל איך אָברעדען? די קעכין זוכט דאָך אויך וואו עס איז בעסער. אייער קעכין זוכט אונ די קעכין פֿון אייער שכן זוכט אויך. אונ איך וויל דעם שכן'ס קעכין געבען אייער אָרט, אונ דעם שכן'ס אָרט־אייער קעכין; איך וויל דאָ עפּעס פֿערדיענען. איז דען איך ניט אַלץ איינ'ס?..

שלמה.

איך ווייס עס ניט. נאָר רֶבּ לייזער איז אויף אייך אין כַּעַס אונ וויל ביי אייך ניט קויפֿען קיין ציימונג.

ישראל.

פֿאַר וואָס איז ער אין כעס אויף דער צייטונג? זאָל ער זיין אין כעס אויף מיר. ישראל וויל דאָך אויך עפּעס פֿערדיענען. ישראל דאַרף דאָך אויך שפּייזען אַ ווייב מיט קינדער. כ'האָב פֿינ'ף קינדער אונ אין גיכען וועט גאָט געבען נאָך איינ'ס. אַז איך זאָל געבען יעדען צו צוויי הערינג אַ טאָג, אַ שטיק'ל ברויט, אַ ביסעלע מילך,–אָט ברויכט מען שוין פֿאַר אַלעמען מעהר פֿון אַ האַלבען רובל. וואו זאָל איך דען נעהמען? איך צאָהל בלויז פֿאַר דירה 4 רובל, אונ מ'ברויכט דאָך האָלץ, שטיוועל, הויזען, מ ברויכט אַלץ! אונ אייך איז דאָך אַלץ איינס ווי מ'וועט רופֿען אייער קעכין, מאַשע צי דאַשע...

שלמה.

איהר האָט שוין אַוועקגעוואָרפֿען דעם מִסְחָר מיט זעלטער־וואַסער? יעצט איז היים,–מ'האָט אפשר געקענט פֿערדיענען...

ישראל.

וואָס קומט אַרויס פֿון דעם, וואָס ס'איז היים? אַלץ איינס··· ווען אפילו אונזער גאַס וואָלט פֿאַהרען אין סאַמע גהינום אַריין, – מעהר פֿון 20 קאָפּעקעס ווערסט דו ניט לייזען, און פֿערדיענסט וועט זיין סך הכל 10 קאָפּעקעס··· דאָס ריינע פּובליקום טרינקט ניט, ווייל ביי אונז איז זעהר שמוציג, און דאָס שמוציגע פּובליקום וויל טרינקען בחנם, עס קען קיין אנדער וואַסער ניט טרינקען, אויסער פּראָסטע··· דער פֿאַר דער וועלכער אונזערער טרינקט זעהר פֿיעל: ער מיינט אַז מיין וואַסער פליעסט גלייך פֿון דער ערד און עס קאָסט מיר גאָר ניט···

שלמה.

מיט וואַסער קען דאָס ווייב האַנדלען··· זי טהוט עפּעס?

ישראל

זי האָט מיר געמאַכט פֿינף קינדער און זיי האָבען אַלע זי אויסגעזויגט אין האָבען זי געמאַכט ווי אַ שפּאָן··· יעצט איז זי שוין גאָר קראַנק··· פֿריהער האָט זי געמאַכט הילזען און האָט אויך פֿערדיענט 15 קאָפּעקעס אַ טאָג··· יעצט ריכט זי זיך אויף אַ קינפּעט···

שלמה.

און ווי געהט אייער צייטונג־האַנדעל?

ישראל.

ס'איז שטיל, ווען ס'איז געווען דרייפוס'ס מִשְׁפָּט האָב איך געלייזט אַזוי פֿיעל, אַז איך בין שיער ניט רייך געוואָרען··· און ווען די בורען האָבען זיך געשלאָגען מיט די ענגלענדער האָב איך אויך ניט שלעכט געלייזט, נאָר יעצט האָט זיך דרייפוס געענדיגט און קיינער וויל זיך ניט שלאָגען··· (פויזע). אין הערבסט וועל איך נאָך אַ מאָל ווערען אַ פאַקטאָר–כ'וועל איבערפֿיהרען די לאָקאַטאָרען אויף נייע וואָהנונגען. מענשען האָבען זעהר ליעב זיך צו ציעהען; מענשען מיינען, אַז אין אַ נייער וואָהנונג קען מען לעבען אויף אַ נייעס אופֿן, כ'האָב שוין דריי טשינאַווניקעס מיט איין פאלקאַווניק, וועלכע ציעהען זיך איבער יעדעס יאָהר···

שלמה.

און ווי פֿיעל קען מען פֿערדיענען?

ישראל.

אי דער בעל־הבית גיעט אַ רובל אָדער צוויי און דער לאָקאַטאָר גיעט אויך··· דער פאלקאַווניק האָט אין פֿאָריגען יאָהר געגעבען 4 רובל! כ'האָב איהם געגעבען זעהר אַ גוטע וואָהנונג··· און וואָס קען מען פֿון אַ צייטונג

פערדיענען ? יעצט פערקויף איך פינף און צוואנציג-דרייסיג נומערן, און פערדיענסט האב איך איינע אדער צוויי קאפעקעס··· מ'געהט ארום א גאנצען טאג ! מ'ברויכט שטיוועל. און פאר נאכט ווערט מען אזוי הונגעריג אז מ'קען אויפעסען אלץ, וואס מ'האט פערדיענט און פערגעסען, אז אין דער היים איז פארהאן א ווייב, קינדער, א מוטער··· (שטעהט אויף). זעהר שווער צו לעבען ! איהר וועט מיר זיין שולדיג 15 קאפעקעס···

שלמה.

פרייטאג אין דער פריה וועל איך איך בעצאהלען.

ישראל.

מ'קען ווארטען. זייט געזונד !

שלמה.

איך דאנק אייך !

ישראל (אין טהיר).

איך ווינש אייך אזוי רייך ווערען ווי ראטשילד, דאן וועט איהר מיר צאהלען אנשטאט 5 קאפעקעס פאר א נומער-6 קאפעקעס··· רייבע מענשען-זענען זעהר גוטע מענשען ! (געהט אוועק; שלמה לייענט די צייטונג. פון די וויטערע צימער געהט ארויס לאה, נאך איהר נחמן).

נחמן.

איהר געפינט אויך, אז איך בין א פאנטאזיער ?···

לאה.

יא, א גוטער פאנטאזיער !

נחמן.

וואס דען ! ס'איז גוט, ווען א מענש האט וועגען וואס צו פאנטאזירען ס'איז פארהאן פיעל מענשען, וועלכע האבען ניט וועגען וואס צו צו פאנטאזירען, און דיזע מענשען זענען זעהר ארעמע··· און איהר לאה, האט א מאל געפאנטאזירט צו זאמען מיט מיר ? (פויזע. מ'הערט ווי צו'ם מאגאזין איינזגעפאהרען א דראושקע, —אין מאגאזין געהט אריין אהרן פרענקעל, וועלכער איז געקומען פון באהן, מיט א פעקיל, מיט א קערבעלע און מיט א שירם אין האנד).

אהרן.

גאט-העלף, שלמה ! איז דער ברודער אין דער היים ?

שלמה (בוקט זיך, העלפט אהרן'ן זיך צו בעפרייען פון די פעקלעך).

זיי זענען אוועק געגאנגען, זיי וועלען באלד קומען··· געהט דורך,— דארט איז לאה.

לאה (צו נחמן׳ן).

דאָס איז אַלץ געווען אונ פֿערגאנגען ··· איך האָב דאָך אויך געגלויבט דער דאָזיגער בָּבָא-מעשה!

אהרן (צו שלמה׳ן).

דו זאָגסט–לאה? צי דען איז זי שוין צוריק געקומען?

שלמה.

זיי זענען געקומען ··· אונ באָרים לאזארעוויטש איז געקומען···

נחמן (פערקלערט).

אַ בָבָא-מעשה··· יאָ··· ס׳קען זיין, אלץ, וואָס ס׳איז דא אין לעבען גוטעס, איז נאָר אַ בָבָא-מעשה···

אהרן (אראבנעהמענדיג דעם לאנגען פאלטא אונ אויפהענגענדיג אויפין טשוואק).

צי דען האָבען זיי שוין געענדיגט זייער לערנען?..

שלמה.

בֿ׳וויים ניט··· ס׳האָט מיט זיי געטראָפֿען עפּעס אַ ניט אנגענעהמע זאַך, זיי ווילען שוין מעהר ניט פֿאָהרען לערנען···

אהרן.

אוי, אוי, אוי! דער ברודער איז געווים זעהר בעקימערט· וואָס טהוען זיי? (געהט אין זאל).

לאה (דערזעהענדיג אהרן׳ן)

פעטער' געהט אהרן׳ן אנטקעגען).

אהרן.

דאָס בין איך! גוטען אָבענד! (קושט לאה׳ן אין באק, נאכהער בעגריסט ער זיך מיט נחמן׳ן, וועלכער שטעלט זיך אהרן׳ן פאר) · איהר מיט ברוך׳ן זייט ווי ד' אריבערפליעהענדע פֿויגעלך; אין פֿריהלינג קימט איהר צופֿליעהען אונ אין הערבסט פֿליהט איהר אַוועק. פֿאַר וואָס זייט איהר אַזוי פֿריה געקומען צו פֿליעהען?

לאה.

ס׳האָט, פֿעטער, געטראָפֿען אַ צרה···אונז מיט באָרים׳ן האָט מען אויסגעשלאָסען פֿאַר אונארדנונגען···

אהרן.

אוי, אוי, אוי! און צו וואָס האָט איהר געברויכט מאַכען אונאָרדנונגען? און דיך, לאה, האָט מען אויך אויסגעשלאָסען?

לאה.

יאָ.

אהרן.

און דו האָסט אויך געמאַכט אונאָרדנונגען? דו ביסט דאָך געווען אַזאַ רוהיגע?..

לאה (מיט א שמייכעל).

איך, פֿעטער, בין יעצט אויך אַ רוהיגע.

אהרן.

דו האָסט געברויכט חתונה האָבען, דאַן וואָלסטו געהאַט קינדער און וואָלסט געהאַט אייגענע הייזליכע אונאָרדנונגען... נו, וואָס לאַכסט דו?... דו ביסט אויס געוואָקסען אַזאַ גרויסע און אַ שעֶנע, אַז דו וועסט, געוויס, זעהר שנעל חתונה האָבען... (מיט חשד אקוק טהוענדיג אין נחמן'ס זייט), דו האָסט שוין, געוויס, אַ חתן?

לאה.

וואָס רעדט איהר פֿעטער!.. איהר זאָגט מיר בעסער, וואָס מאַכט די מומע חנה? די קינדער?.. איך האָב די מומע שוין לאַנג ניט געזעהן!

אהרן.

וואָס זאָלען זיי מאַכען? די קינדער וואַקסען זיך, און חנה קרענקט זיך... און איך שמעק שוין אויך מיט קְבָרוֹת-בלעטלעך: מיר טהוט דער רוקען וועה, ס'טהוען וועה די פיס און, ס'מוז זיין, מ'דאַרף שוין אין גיכען שטאַרבען...

לאה.

וואָס רעדט איהר פֿעטער? צו וואָס שטאַרבען?

אהרן.

איך ווייס אליין ניט, צו וואס שטארבען מענשען. בעסער וואלט פֿאר זיי געווען גאָר ניט צו געבאָרען ווערען. נאר אייב מיר מיט חנה'ן וועט יעצט איינפאַלען צו שטאַרבען, וועט פֿאַר אונז ניט זיין קיין קבר...

## לאה (פערוואונדערט).

איך פערשטעה איך ניט, פֿעטער!.. איהר מאַכט שפּאַס

## אהרן.

צו וואָס זאל איך שפּאַסען? צו לעבען איז זעהר שלעכט, און ווען דו שטארבסט איז נאָך ערגער. דו ברויכסט דאך וויסען, אז אונז איז ערלויבט צו וואָהנען נאר אין דער „טשערטא" ? דו ביסט דאך אויך אַ יידיש קינד ...

## לאה.

איך וויים ... אין דער „טשערטאַ אָסיעדלאסטי"!

## אהרן.

די געגענד, וואו יודען מעגען וואָהנען—די „טשערטא אסיעדלאסטי"— איז אַ גרויסע, און יעדע שטאָדט און שטאָדט'ל אין דיעזער „טשערטא" האט נאך אַ בעזונדער „טשערטא"... (ריסעווועט מיט'ן פינגער אין דער לופט אגרויסען עגול און אין דיזען עגול איינינע קלענערע).

## נחמן.

צוויי „טשערטא'ס".

## אהרן.

נו יאָ! נאר די יודען, חאטש זיי זענען זעהר אָרעם, נאָר קינדער, געלויבט איז גאט, האבען זיי גענוג. און דעריבער איז אונז אין שטאָדט'ל געוואָרען זעהר ענג, און דער בית-עלמן איז אריין געקראָכען אין שטאדט אריין. אויפֿ'ן בית-עלמן אָבער איז יעצט אויך אזוי ענג, ווי אין שטאָדט. דו ביזט זעהר לאנג ניט געקומען אַ היים און ווייסט גאר ניט, ווי מיר לעבען דא! דוא האסט אונז פֿערגעסען!..

## נחמן (אומעטיג).

דאס איז אמת...

## אהרן.

מיר האבען בעשלאסען צו קויפֿען אַ פלאַץ אונטער דער שטאדט. נאר די נאטשאלסטווא האט ניט ערלויבט, ווייל דער דאזיגער פלאץ געפֿינט זיך אויף יענער זייט „טשערטא". נאר צי דען אַ טויטער יוד קען זיך רעכענען פֿאַר אַ איינוואָהנער?

## לאה.

ווער האט עס דען אזוי ערקלערט דאס געזעץ? *)

*) גענומען פונ'ם ווירקליכען לעבען אין צפון-מערב רוסלאנד.

אהרן.

ווער? ס'איז בעוואוסט...

נחמן (מיט גיפט).

אין געזעץ שטעהט ניט בפירוש, וואס פאַר אַ יוד: אַ לעבעדיגער, אָדער אַ טויטער!

אהרן.

מיר האבען אַ גאנץ יאָהר געבּלאָפּאָטשעט. מיר האבען געהאַט אונזער אַדוואָקאַט. יעצט האט דאס מיניסטעריום ערלויבט צו קויפען דעם פלאַץ אונ מְקַבֵּר זיין די טויטע, נאר ס'איז ארויסגעקומען נאך אַ צרה: אויפ'ן בית־עלמן מוז זיין אַ וועכּטער; דער וועכּטער איז אַ יוד, אונ איהם איז ניט ערלויבט צו וואָהנען אויף יענער זייט „טשערטא"...

נחמן (שטעהט אויף, זעגענט זיך, צו אהרן'ן).

ס'בלייבט אייך נאָ־ איין אויסגאנג: זאָל געהן פאַר אַ וועכּטער אייך אַ טויטער!

אהרן (ווידערהאלענדיג זיין שפאס).

נאר ביי אונז איז שוין דא אַ וועכּטער, אונ ער איז אַ לעבעדיגער, אַ גאנץ לעבעדיגער יוד!... זייט געזונד!... זעהר אנגענעהם די בעקאנטשאפט! (נחמן געהט אוועק).

לאה (שטוינענד).

ווי זאָל דען זיין?

אהרן.

אט בין איך געקומען צו דער נאטשאלסטווא, אום זיך צו דערוויסען, ווי ס'זאל זיין. אויף דעם אלטען בית־עלמן מקבר צו זיין די טויטע הייסט ניט די סאניטארנע נאטשאלסטווא, אונ אויפ'ן נייעם-הייסט ניט דער הערר איספראווניק צו האלטען אַ וועכּטער... די יודען אָבער קענען ניט וואַרטען אונ איינער האָט געגומען אונ האט געמאַכט אַ שטאַרב!...

(פויזע) דו ווילסט, אפשר, געבען דעם פעטער אַ גלאָז טהעע אונ עפעס עסען?

לאה (אויפחאפענדיג זיך).

אַך, ענטשולדיגט, פּעטער! (שפרינגט אויף). אָט וואָס איך בין פאַר...!

איך בין גאָר אַ צושטרייטע... שוין! (אנטלויפט שנעל אין די וויטערע ציטער:

מאשא לויפט ארײן, — גרײט שנעל צום טיש אין זאל. אין מאגאזין קומט ארײן לײזער. שלמה, איז איהם שנעל מודיע װעגען אהרן'ס קומען, לײזער געהט אין זאל).

לײזער (ארײנגעהענדיג).

מײן ברודער אהרן?! װען ביסטו געקומען? (בעגריסען זיך).

אהרן.

מיט'ן אָבענד־צוג.

לײזער.

װאו איז דען לאה? לאה! לאה! װאו־זשע האסט דו זיך בעהאלטען?

לאה (בעװײזט זיך אין טהיר)

װאס? איך בעשעפֿטיג מיך... (אנטלויפט).

לײזער.

אט אַ חַכָמָה! מיר װעלען עפעס עסען און אַ ביס'ל טהעע טרינקען־זען דיך, ברודער!

אהרן.

איך קוק אלץ אויף לאה'ן און קלער; װי עהנליך איז זי צו דער מוטער, װען זי איז געװען יונג! שוין גאר אַ גרויסע, אַ כַּלָה... שוין צײט חתונה האָבען... געװיס, האט שוין אײנער געשיקט אַ שַׁדְכָן?

לײזער.

יעצט, ברודער געהט עס אנדערש... יעצט ברויכט מען ניט קײן שדכן... יעצט קען אפילו דער פֿאָטער אויך גאר ניט װיסען... יעצט װיל מען זיך שוין ניט בעראטהען מיט אונז, אלטע לײט... (מאשא ברײנגט דעם סאמאװאר, דערלאנגט אויף א טעלער פיש). נו, װי געהט'ס אײער האַנדעל?

אהרן.

װאס פאַר אַ האנדעל קען דען בײ אונז זײן? אלע װילען נעהמען סחורה אויף קרעדיט, און װען זײ ערהאלטען דאס געהאַלט, בעהאלטען זײ זיך - יערען צװאנציגסטען פון חדש לויף איך אַרום און חאַפּ די טשינאװניקעס, װען זײ געהען ארויס פון דער קאנצעלאריע - זײ האָבען נאר אײן טאָג געלד אין האַנד... נאר זײ װײסען שוין און בעהאַלטען זיך! ס'איז גאָר שלעכט... געלויבט איז גאט, איך האב אַ ביס'ל פֿערדיענט אויף שפּאַלען.

לײזער.

און בײ אײך פערקויפֿט אויך דער אינזשיניער די קאָזיאָנע שפּאַלען?

אהרן.

ווי דען? איך האָב נעקויפֿט 500 שפּאַלען און אַ ביס׳ל האָלץ. נאָכהער האָב איך זיי אָבגעטראָגען סאַקער׳ן. ביי סאקער׳ן איז דאָ אַ פּריקאַזטשיק: ער קויפֿט אויף אומעטום די שפּאַלען און נאכהער געבען זיי ווייעדער אַ מאל איבער די דאזיגע שפּאַלען אין קאַזנא...

לייזער.

ווי פֿיעל צאָהלט איך סאקער?

אהרן.

מיר האָבען 20 קאפּעקעס אויף יעדער שפּאַל.

לייזער.

דאָס איז זעהר וועניג.

אהרן

נאר סאַקער גיעט דער נאטשאלסטווא פון יעדער צושטעלונג צוואנציג פּראצענט... און אלע טשינאווניקעס גיעט ער הַלְוָאוֹת, ווען זיי ווילען. און געבען זיי הַלְוָאוֹת–איז אלץ איינס ווי פערלירען. (אין מאגאזין הערט מען א קלונג. ס׳קומט אריין א הערר אין א פעלערינע. שלמה לויפט צו צו דער ארקע אין זאל).

שלמה. (שטיל)

רֶב לייזער! ס׳איז דאָ אַ קונה! (קעהרט זיך צוריק אויף זיין ארט). ס׳וועט באלד אַרויס געהן דער בעל-הבית. ביטטע דעם הערן זיך צו זעצען! (שטעלט אונטער א שטוהל. לייזער געהט אין מאגאזין).

לייזער (זיך בוקענדיג)

וואס וויל דער הערר?

דער הערר.

איך ברויך צו פֿעריכטען אַ זייגער.

לייזער.

ערלויבט צו געבען אַ בליק אויף אייער זייגער!

דער הערר. (נעהמט ארויס דעם זייגער).

נומער 40687. אַ גאלדענער. אויף 15 שטיינער. (הארכט דעם זייגער). דעם אלטען מאָזער׳ס! איך האב מורא איהם אוועק צוגעבען.

לייזער.

אפשר מיינט דער הערר, אַז נאכ'ן פֿאַריכטען וועט דער זייגער זיין ניט אויף 15, נאר אויף 14 שטיינער?

דער הערר.

עס פאסירט. (שפּיעלעט אב די קעטע און גיעט דעם זייגער לייזערן). דעם אלטען מאזערס! (זעצט זיך; לייזער זעצט זיך צו צו'ם טישל, בעטראכט דאס געוועהר פונ'ם זייגער).

לייזער.

ווירקליך, דעם אַלטען מאזער'ס! און זעהר אַנ'-אלטער! מ'דאַרף איהם גוט אויספוצען. וועגען די שטיינער זאל דער הערר זיך ניט בעאונרוהיגען: אריין שטעלען אַ נייעם שטיין פֿאָדערט זעהר פיעל ארבייט און צייט, דאס לוינט ניט. אויב ניט יעדער מייסטער ארבייט עהרליך, פֿערשטעהט אָבער יעדער זיין נוצען... מ'דאַרף אריין שטעלען אַ נייעם ספיראל, דער ספיראל אין אַ זייגער איז דאסזעלבע, וואָס דאָס האַרץ ביי'ם מענשען—(גיעט צוריק דעם זייגער). זעהר אַ גוטער זייגער!

דער הערר.

אַ חראָנאָמעטער! און אין מיין געגענוואַרט קענט איהר דאָס אליץ אָרדנען?

לייזער.

דער הערר האט מורא... איבעריגענס, אויב דער הערר קען דא נעכטיגען, קען מען דאָס אויך מאַכען אין דעם הערר'ס געגענוואַרט... נאר צוויי מאָל איבערנעכטיגען!

דער הערר (בעהאלטענדיג דעם זייגער אין טאש).

וועל איך מארגען פֿריה אריין קומען (געהט אב).

שלמה (צושפּרינגענדיג צום טהיר).

פאַר וואָס געהט איהר, הערר, אַוועק? וואס...(פויזע). טאָ וואס—זשע איז, אז מיר זענען יודען? צו דען אַ יוד פֿערשטעהט ערגער זיין געשעפֿט? הערר! (שפרינגט ארויס אויפ'ן גאס) הערר! (קומט צוריק אין מאגאזין). זיי זענען אוועק געגאַנגען.

אהרן (צוגעהענדיג צו דער ארקע)

ניט פֿערקויפט?

לייזער (געבענדיג א מאך מיט דער האנד)

ווען דיזער הערר וואָלט געווען אַ זייגערמאַכער וואָלט ער דורכאויס געווען אַ שווינדלער! (אלע דריי לאכען; אויפ'ן גאס איז א געשריי אונ א געפילדער; מ'שלאגט דארט עמיצען; לייזער אונ שלמה, אברייסענדיג זיך פון די ערטער, קוקען מיט שרעק אין די פענסטער). וואס טהוט איהר? פאַר וואָס זאל מען שלאָגען א ליעגעריגען? (שלמה לויפט ארויס אויפ'ן גאס). שלמה, מ'וועט דיך שלאגען!

## אהרן (מיט שרעק)

וואָס האָט דאָרט געטראָפֿען? (דאס געשריי אונ געפילדער שטארקען זיך. לייזער וויל ארויסגעהן אין גאס. נאר אין דיזער צייט לויפט אריין דער צושראקענער אונ צושלאגענער שלמה, קלאפט צו געשווינד נאך זיך די טהיר אונ פערשליעסט זי. מ'הערט א גראבען קול הינטער דער טהיר: „וועניג שלאגט מען אייך!“, נאכהער ווערען די שויבען פון די פענסטער צו שאטען אויף שטיקלעך פון א שטיין, וועלכער ווערט אריין געווארפען פון גאס; אהרן בעהאלט זיך הינטער א ווענט'ל; פון די ווייטערע צימער לויפט אריין די דערשראקענע לאה אונ שטעלט זיך אין ארקע].

## לאה (מיט שרעק).

וואָס האָט געטראָפֿען? וואָס איז דאָס? פֿאָטער!

## מאשא. (אריין לויפענדיג אין זאל)

גאט! צו דען האט מען ניט אַ מאָל אנגעהויבען שלאגען יודען? (וויינענדיג) אָך! מיינע זינד האבען מיך מיט אייך פֿערבונדען! (דרעהט זיך ארום איבער די צימער אונ ווערט פערלארען)׳

## לייזער (בערוהיגענד לאה'ן)׳

נישט קָשֶׁה! האָב ניט קיין מורא!.. זיי האָבען זיך דארט צושלאָגען.. נאר ניט! (דער צווייטער שטיין לויפט אין די שויבען פון טהיר אונ א גראבער קול שרייעט: „ווארט, קריסטענפערקויפער, מיר וועלען אייך מאכען א יום-טוב! פאר־שאלטענע!“; שלמה גיעט זיך א זעץ אויף דער ערד מיט שרעק. לאה שטעהט אייניגע מינוט, אהן ווערטער, א פערגליווערטע, נאכהער חאפט זי ארויס פון טאש א טיכ'ל, פערדעקט מיט איהם דאס געזיכט, אונ ארויסשרייענדיג מיט א היסטערישען ק'ול: „פאר וואס! פאר וואס!“ לויפט זי אין די ווייטערע צימער אונ הינטער דער טהיר פון מאגאזין הערט מען דאס געפילדער פון דער מענגע און אין דיעזען געפידרער צייכענט זיך אויס אלץ דערוזלבער גראבער קול: „שלאגען די יודען, שלאגען די פערפלוכטע!“

## פאָרהאַנג.

# דריטער אקט.

דיזעלבע דעקאראציע.

שלמה ארבייט אין מאגאזין. נחמן אונ לאה זיצען אין זאל אבגעזונדערט איינער פונ'ם אנדערן. פריה-מארגען.



## נחמן.

איבערהויפט האט איהר זיך שטאַרק געענדערט פֿאַר די צוויי יאָהר פון אונזער שיידונג... אין דער צייט וואָס איהר האט געוואָהנט אין דער רעזינדענץ, איז אייך געלונגען צו פֿערגעסען אונז, פּראווינציאַלען. ווי שנעל דער מענש פֿערגעסט!..

## לאה.

דאס איז אמת. פאר דיזע צוויי יאָהר האָב איך פֿערגעסען וועגען דעם, וואָס איך בין אַ „זשידאווקא"! אזוי פֿיעל, נחמן, איז געווען ארום מיר גוטע מענשען, פאַר וועלכע ס'איז געווען אלץ איינס צי איך בין אַ זשידאווקא אדער ניט... דאָס לעבען האָט געפּלאָסען פֿול און אינטערסאַנט, איך האָב געלעבט מיט אַלע חושים, ווי אַ אויסגעהונגערטע... ווען איך בין געפֿאָהרען אַהער און האָב דערזעהן אויפ'ן שטויביגען וועג דעם ערשטען יודען אין די טראַדיציע־קליידער—האָב איך אַ ציטער געגעבען...

## נחמן.

איהר האט זיך דערמאנט?..

## לאה.

ער איז געגאנגען אין פאַנטאָפֿעל און ווייסען זאָקען, אין אַ לאַנגען סורדוט, אַנ'אַנגעבויגענער, אַ מאָגערער, מיט אַ גרויסער זילבערנער באָרד... איך האָב אויף איהם אַ קוק געטהון און האָב פּלוצלונג אָנגעהויבען אזוי צו פֿיהלען, ווי איך וואָלט דערזעהן דאָס אַלטע, האלב־איינגעפֿאַלענע הויז, דאָס פוסטע און וויסטע, אין וועלכען איך האָב געוואָהנט אַ מאָל, שוין לאַנג־לאַנג, ווען איך בין נאך געווען אַ קינד... אייך איז אַ שאָד די ערטער, אין וועלכע איהר האט געוואָהנט אין דער קינדהייט?

## נחמן.

מיר?.. איך, לאה, האָב ניט געוואוסט פון קיין קינדהייט... איך האב זי ניט געהאט. מיין קינדהייט איז—אייביגע קלעפּ, הונגער, טרערען... איך בין פריה געבליעבען אַ יָתוֹם... און אפילו שפּעטער... וואס איז געווען שפעטער? ביז פֿינף און צוואנציג יאהר האב איך ניט געוואוסט, וואָס איז אַזוינ'ס די יוגענד. איך האָב דאָס גאנצע לעבען זיך געלערנט, כ'האָב ניט געלעבט מיט מענשען, נאָר מיט ביכֿער... אין ביכֿער... פֿאַר ביכֿער... מיינע מענשען—זענען געווען די גרויסע מֵתִים,

וואָס צווישען זייערע קְבָרִים האָב איך געלעבט... איך האָב ניט געקענט לאַבֿען אונ האָב ניט געוואוסט, וואָס איז עס פרייד! .. אַנדערע מענשען האָבען זיך געקוויקט מיט דער זון, מיט ליעדער, מיט סימפּאַטיע, איך אָבער האָב מיין גאַנצע יוגענד אריין געלעגט אין בוך... שפּעט בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דער קברים-דונקעלהייט אויפ'ן העלע ליכט אונ האָב פערשטאַנען, אַז מ'מוז אויפשטעהן פון די חוּרְבוֹת פון דער פערגאַנגענהייט אונד העלפען די לעבעדיגע מענשען לעבען, אבער ניט שטאַרבען... איך האָב איך ערצעהלט, לאה, ווי דאָס אַלץ האָט פּאַסירט...

לאה (אימעטיג).

יאָ... (פויזע).

נחמן.

לאה. ווענגען וואָס האָט איהר זיך פערטראַכט? (פויזע). איך האָב עטליכע מאָל געוואָלט מיט איך רעדען גאַנץ אליין אונ איך האָב אַלץ ניט געוואַגט, כ'האָב אָבגעלעגט... מעהר בין איך ניט אין שטאַנד... איהר הערט מיך?

לאה (שטיל).

יאָ רעדט!

נחמן.

איך פיהל אונ... זעה, אַז אין אונזערע פערהעלטניסען פאַר דיזע צווי יאָהר איז עפּעס פאָרגעקומען אַן'ענדערונג ... ס'איז פערשוואונדען געווארען עפּעס דאָס טייערסטע... פאַר מיר... ס'איז מיר איבער די כּחות שווער! איך שלאָף ניט קיין נעכט אונ קלער אַלץ, כ'קלער... וועגען איך אונ וועגען דעם, וואָס ס'האָט געטראָפען... איך וויל וויסען דעם אֶמֶת! (פויזע). לאה!

לאה (צומישט, מיט אציטערדיג'ן קול).

וואָס האָט געטראָפען?.. יאָ... יאָ... איך וועל איך אָנשרייבען... איך וועל ניט קענען זאָגען... איך האָב מורא, אַז איך וועל זאָגען ניט דאָס, וואָס מ'ברויכט צו זאָגען, אָדער איך וועל ניט דערזאָגען. מ'ברויכט אַלץ צו זאָגען. אונ ווען דו ווילסט, אַז די ווערטער זאָלען איבער געבען ריכטיג אַלץ, וואָס דו פּיהלסט, דאַן פערשווינדען זיי ערגעץ וואו...

נחמן (מיט א טויבען קול).

איך האָב שוין פערשטאַנען... נו וואָס איז, אפשר איז בעסער, אויב נחמן וועט קיין מאָל ניט זיין גליקליך אין זיין פערזענליכען לעבען...

די גליקליכע פֿערגעסען זעהר שנעל די אונגליקליכע ··· ס׳קען זיין, אַז אַלץ וואָס ס׳איז גוט אין לעבען ··· איז נאָר אַ בָּבָא־מעשה ··· (פּויזע).

לאה.

איהר קלערט, געווים, וועגען יענעם אָבענד, ווען מיר זענען געזעצען אויפֿ׳ן טייך? ·· אונ ס׳קומט אייך פֿאָר די זאַך פֿרעמד? איהר מיינט, אַז איך בין דאַן ניט געווען ערנסט צו אייך? יאָ?

נחמן.

ניין, איך מיין דאָס ניט ··· געוועזען אונ פֿערגאַנגען ··· דאָס איז געווען אַ בָּבָא־מעשה, אַ לעגענדע אין מיין לעבען ···

לאה.

איך האָב זיך דאַן פֿערהאַלטען זעהר לייכטזיניג צו אייער געפיהל אונ צו מיינעם ··· איך בין נאָך דאַן געווען זעהר אַ יונגע ··· איך האָב ניט פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ געפֿיהל דאָס איז געווען ··· איהר מוזט מיך ענטשולדיגען ···

נחמן.

מאַכט ניט אוים, לאה! איך האָב נעקריעגען פֿיעל שטויסען פון לעבען אונ פון מענשען ·· אונ נאָך איינער ··· אַנ׳איבעריגער – ניש׳קשה ··· כ׳וועל אַריבערטראָגען ···

לאה.

פֿאַר וואָס רעדט איהר אזוי? איהר ווילט דען, אז מיר זאָל נאָך מעהר וועה זיין? נאָר מיר ··· מיר איז דאָך אַזוי אויך ··· זעהר שווער!

נחמן.

ניין, לאה! איך וויל נאָר זאָגען, אַז אַ יוד מוז אַלץ איבערטראָגען האַרט, אָהן טרערען ··· די טרערען מוז מען קאַרגען. זיי רייבען קיין מאָל ניט אוים אויפֿ׳ן גאַנצען לעבען, אונ אויב דער דאָזיגער מענש איז נאָך דערצו אַ יוד, מוז ער נאָך מעהר קאַרגען די טרערען ··· איין זון האָט זיך פֿאַר נחמן׳ן בעהאַלטען, ס׳איז איהם אָבער געבליעבען אַנ׳אַנדער זון, איך האָב ליעב מיין פֿאלק אונ וויל לעבען אונ אַרבייטען פֿאַר איהם ··· איך וועל אוועקפֿאָהרען אין ארץ־ישראל ··· אונ אלץ וועט פֿאַרגעהן ··· אַלץ אין לעבען פֿאַרגעהט ··· אונ דאָס לעבען אַליין פֿאַרגעהט ···

לאה.

זעהט איהר, נחמן, ווי אַזוי דאָס אַלץ האָט געטראָפֿען ··· ביז איך האָב מיך מיט אייך בעגעגענט בין איך געווען גאָר אַ בלינדע ·· איך בין

אייך זעהר דאנקבאר. איהר האָט מיך אויפגעהויבען ... איך ... אָבּ געפּין איך ניט קיין ווערטער אונ קען ניט זאָגען, וואָס ס'וויל זיך!...

נחמן.

איך פֿערשטעה...

לאה.

ווען ערוואַקסענע ווילען, אַז אַ קינד זאָל זעהן ווייטער, הויבט מען עס אויף... אָט האָט איהר מיך אויך אויפגעהויבען. איך האָב געקוקט אויף אייך ווי אויף אַ לעהרער, וועלכער האָט מיר ענטדעקט אַ ברייטען האָריזאָנט פון לעבען... איך האָב די קניע פֿאַר אייך געבויגען. אָט דאָס געפֿיהל פון דאַנקבאַרקייט האָב איך אָנגענומען... פֿאַר אַנ'אַנדערס.

נחמן.

אונ יעצט קומט פֿאָר מיין האריזאָנט פֿאַר לאה'ן צו קליין. יאָ, איך בין אַ מענש ניט קיין גרויסער אונ אויפהעבען הויך קען איך ניט: איך האָב זעהר וועניג כּחות... איך האָב ליעב מיין פֿאָלק אונ איך וויל דיענען מיין פֿאָלק, - אונ מעהר ניט; ווער וועט אין מיר דער פֿאַר וואַרפֿען אַ שטיין? יעדער האָט רעכֿט צו ליעבען זיין פֿאָלק... דיזע רעכֿט קען מען ניט אָבנעהמען אפילו ביי אַ יודען! איך בין ניט דערוואַקסען צו דער ליעבע פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט... איך האָב זעהר וועניג געלעבט, געזעהן, כֿ'וויים... איך געדענק נאָר, ווי מ'האָט מיך געשמויסען פון אַלע זייטען... ס'איז שווער ביי אַזאַ קינדהייט אונ יוגענד ליעב צו קריעגען די דאָזיגע... מענשהייט. נאָר איך האָב ליעב, שטארק ליעב, מיין פֿאָלק, ווייל מיין שיקזאַל איז אינ'ם שיקזאַל פון מיין פֿאָלק, אונ דער שיקזאַל פון מיין פֿאָלק איז אין מיר ... אייך איז דאָס וועניג ... אונ איך זעה אליין, ווי איהר, לאה, געהט אַוועק... צו זיי... (געהט צו צו לאה'ן אונ זעצט זיך נעבען איהר).

לאה.

איך געה, נחמן, אין די וועלט, וועלכע איך זעה (פויזע).

נחמן.

ס'קען זיין, לאה וועט אַ מאָל דערזעהן, אַז נחמן איז ניט געווען אין גאַנצען אונגערעכֿט... אפשר וועט לאה ווען ס'איז זיך צוריקקעהרען צו איהר פֿאָלק?..

לאה.

איך האָב ניט אויפגעהערט צו ליעבען מיין פֿאָלק... (פויזע).

נחמן (וערר שטיל).

ס'קען זיין, אַז לאה האָט נאָך אַ ביסל ליעב נחמנ'ן, אונ דאָס איז פֿאַר איהם גענוג... זאָל נאָר ביי איהם בלייבען חאָטש איין טראפּען האָפֿנונג...

לאה (נאָך א קורצער וואקלונג).

אונ... ניין... ניט וואַרט...

נחמן (טויב).

אפשר האָט לאה ליעב... אַני-אַנדערע מענשען?

לאה (אראבלאזענדיג דעם קאפּ).

יאָ.

נחמן.

נו, וואָס זאָל מען מאַכען? מיין בָבָא-מעשה האָט זיך געענדיגט... מ'מוז אַלץ זיך דערוויסען, אַלץ איבערלעבען... איך האָב אויך געהאַט אַ לעגענדע פֿון ליעבע אונ פֿרייד... אונ איך דאַנק אייך... (קושט לאה'ן די האנד). דאָס – איז דאָס לעצטע מאָל... (א לאנגע, שווערע פּויזע. לאה שפּארט אונטער מיט ביידע הענד דעם ניעדעריג אראבגעלאזענען קאפּ. נחמן שטעהט אויף). נו, מ'מוז אַוועקגעהן...

לאה (ניט אויפהעבענדיג דעם קאפּ, שטרעקט אויס די האנד).

מיר וועלען בלייבען, נחמן, גוטע פֿריינד? יאָ?

נחמן.

יאָ, גוטע פֿריינד... (געהט שטיל אוועק דורכ'ן מאגאזין. לאה נעהמט ארויס דאס טיכ'ל אונ ווישט אב די טרערען. אנטקעגען נחמנ'ן קומט אן ברוך מיט א בוך אין האנד).

ברוך (בעגריסענדיג זיך מיט נחמנ'ן).

וואָס זייט איהר אַזוי אומעטיג?

נחמן.

ס'איז ניטא קיין פֿרייד, באָרים לאזארעוויטש, ס'איז נאָר דאָ טרויער... אונ איהר זייט שטענדיג מיט די ביכער? דאָס איז שוין, געוויס, – ניט אַ מאָל אַ גמרא?

ברוך.

מאַרקס, אויך אַ מין גמרא! האָט איהר ניט געלעזען?

נחמן.

ניין. און איך וויל ניט.

ברוך.

אַ שאָד. דאָס איז ניצליכער פון׳ם תּלמוד. מאַרקס איז אויך געווען אַ יוד...

נחמן.

נאָר וואָס=זשע האָט ער געמאַכט פאַר אונז און פאַר אייך?

ברוך.

פיעל. אי פאַר אונז, אי פאַר אייך...

נחמן.

וועט איהר ניט קומען שבת צו אונז אויף דער פערזאַמלונג צו הערען, וואָס דענקען און טהוען מיר, די איבריגע יודען?

ברוך.

ניין, איך פלעג זיין ביי די ציוניסטען, כ׳וויים...

נחמן.

נו, וואָס זאָל מען מאַכען? יעדער מוז געהן מיט דעם וועג. וועלכען ער האַלט פאַרן ריכטיגערען... אַדיע! צו׳ם ווידערזעהן, שלמה!

שלמה.

צום ווידערזעהן, רב נחמן! זייד געזונד! (נחמן געהט אַוועק, ברוך געהט דורכ׳ן זאַל אין זיין צימער, לאה בלייבט נאָך אַלץ אויף דעם זעלבען שטוהל, אַ פערטרויערטע, אָהן בעוועגונג, לייזער קומט אַריין דורך דער הינטערטהיר אין זאַל, בעמערקט לאה׳ן, וועלכע זיצט אָהן בעוועגונג, געהט דורך אַ מאָל צוויי פאַרביי לאה׳ן).

לייזער (אָבשטעלענדיג זיך פאַר לאה׳ן).

און וועגען וואָס קענסט דו וויינען? וואָרום ווילסט דו ניט זאָגען דעם פאָטער און שוויינסט, ווען איך וויל אַריין קוקען אין דיין האַרץ? דו מיינסט, איך האָב דיך וועניגער אָנגעהויבען צו ליעבען דער פאַר וואָס דו... פאָלגסט ניט מיר, דעם אַלטען (פויזע, לייזער געהט צו, לעגט די האַנד אויף די טאָכטערס פלייצע). איך בין אויף דיר אַ ביסעל אין כעס. נאָר איך האָב דיך ליעב ווי פריהער! וואָס טהוט זיך מיט דיר? וועגען וואָס קלערסט דו אַלץ און דו ווילסט מיר גאָר ניט זאָגען? לאה! דו האָסט עפּעס אויפ׳ן האַרצען...

לאה (שטארק צומישט).

יאָ, איך וויל שוין לאַנג מיט דיר רעדען, פּאָטער, נאָר...

לייזער.

אונ איך זעה דאָס מאַקי... ס'איז שלעכט, ווען אַ פרייליין האָט ניט קיין מוטער... אונזער מוטער איז אַוועק פון אונז אונ דו האָסט ניט מיט וועמען זיך טיילען מיט דיינע מיידעל'שע סעקרעטען... אך, לאה, לאה! ווען איך קוק אויף דיר דערמאָן איך זיך וועגען אונזער מוטער! ווען זי איז געווען אַ יונגע, איז זי געווען אַזאַ שענע, ווי דו... אונ דיינע אויגען זענען דער מוטער'ס. וואָס ווילסט דו, מיין ליעבע טאָכטער, מיר זאָגען?

לאה.

איך קען ניט...

לייזער.

נו-נו? אפשר האָט דיין מיידעל'שע האַרץ אָנגעהויבען זעהר הויך צו קלאַפּען? אַ? אונ ווער איז דאָס דער מענש, וועלכער האָט דאָס געמאַכט? וואָרום ביסט דו אַזוי בלאַס געוואָרען? צי דען איז דאָס אַזוי ניט שען?

לאה.

איך קען דיך ניט אָבנאַרען, אונ זאָגען דעם אמת... ווערסט דו זיין זעהר געקרענקט..

לייזער (אונרוהיג).

איך האָב דיך קיין מאָל ניט געלערנט אָבצונאַרען דיין פּאָטער, ס'קען זיין, דאָרט, וואו דו האָסט זיך געלערנט, האָט מען דיך דאָס אויך אויסגעלערנט? אַ? דו האָסט עפּעס וועמען ליעב געקריעגען? (פויזע) לאה!

לאה (נאָר וואָס מ'הערט).

יאָ.

לייזער.

אַ! איך האָב דאָס מאַקי געוואוסט! נו, וואָס-זשע זאָל מען טהאָן,- דאָס מוז דאָך אַזוי זיין... געוויס, מיר איז פּערדראָסיג, וואָס איך קען ניט טרעפען, ווער איז עס דער מענש, וועלכער וויל צונעהמען ביי מיר מיין טאָכטער. נאָר גאָט איז מיט דיר! אבי ער זאָל נאָר זיין אַ גוטער, עהרליכער יוד אונ ניט קיין גאַנץ אָרעמער... ער זאָל קענען שפּייזען זיין פּאַמיליע... (פויזע) אפשר איז דאָס-רב נחמן?

לאה.

ניין.

לייזער.

אפשר איז דאָס דער דאָקטאָר פּורמאַן? ער קוקט שטענדיג זעהר ליעבליך אויף מיין לאה'ן, ווערט שטענדיג געוואָהר ווענען איהר געזונד...
(לאה שאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין).

לייזער.

דאַן ווייס איך שוין גאָר ניט... איך בין שוין גאָר אַלט געוואָרען און מיינע אויגען זעהען שוין ניט, ווי זיי האָבען געזעהן פריעהער... נאָר, געווים, איז ער אַ גוטער, עהרליכער יוד?

לאה.

אַנ'עהרליכער, א גוטער... (פויזע) נאָר ער... איז ניט קיין יוד...

לייזער (שטארק איבערראשט).

ניט קיין יוד? אַ גוי? (פויזע). וואָס-זשע שווייגסט דו? צי דען איז נאָך דאָס אויך אמת? איך האָב שוין גענוג צרות געהאט... צי דען וויל מיך גאָט מעהר ניט שאָנען? נו וואָס-זשע שווייגסט דו? רעד!

לאה.

ער... אַ קריסט...

לייזער (זיך האפענדיג מיט די הענד פאר'ן קאפ).

וואָס האָסט דו געזאָגט? וואָס האָסט דו געזאָגט?

לאה.

צי דען וואָלט דיר געווען אַנגענעהמער, ווען דאָס וואָלט געווען דער דאָקטאָר פּורמאַן? דו האָסט אַליין געזאגט, אז פּורמאַן האָט ניט קיין גאָט, ניט קיין טייוויל...

לייזער.

און פונדעסטוועגען איז ער אַ יוד! ער איז אַ זינדיגער יוד! אין זיינע אָדער'ן פליעסט דאָס בלוט פון אונזער פאָלק! ווער איז דאָס דער גוי?.. וועלכען דו ליעבסט...

לאה.

ער איז אַ גוטער מענש... ער האָט ליעב אַלע מענשען...

לייזער.

אַלע מענשען? אייב ער האָט ליעב געקריגען דיך, אַ יודין, מיינסט דו, אַז ער האָט ליעב אַלע מענשען?

לאה.

גאָט איז ביי אַלעמען איינער...

לייזער.

און אויב ביי אַלעמען איינער, פֿאַר וואָס־זשע ווען אַ גוי פֿערליעבט זיך אין אַ יודין, מוז זי זיך טויפֿען? פֿאַר וואָס וועט אַגוי קיין מאָל ניט ווערען קיין יוד? אייב גאָט איז איינער, פֿאַר וואָס־זשע רופֿען זיי אונז אָן „זשידעס"?

לאה.

ער רופֿט אַזוי ניט...

לייזער.

נאָר ער קלערט אַזוי!

לאה.

ניין.

לייזער.

ע, לאה! וואָס איז דיר איינגעפֿאַלען צו טהון? אויב דו האָסט שוין מעהר ניט מורא פֿאַר גאָט'ס צאָרן און אויב דו האָסט ניט קיין רחמנות אויף דיין פֿאָטער, האָב־זשע רחמנות אויף זיך אליין! ס'וועט זיך אויס־לעשען דאָס פֿייער פֿון דער ליעבע, ס'וועט זיך אויסלעשען! עס וועט אייביג ניט ברענען, און דאַן וועט ער זיך דערמאָנען, אַז דו ביסט — אַ „זשידאָווקא"! ער וועט זיך דערמאָנען! (לאה שאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין).

לייזער.

און אַז איהר וועט האָבען קינדער, וועלען זיי רופֿען די יודען — „זשידעס" און דו וועסט בלייבען איינזאם, דו וועסט בלייבען אַ פֿרעמדע אין דיין אייגענער פֿאַמיליע... (לאה שאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין).

לייזער.

דיינע קינדער וועלען לאַכען פֿון יודען, און דו וועסט מורא האָבען זיי צו זאָגען: „לאַכט ניט, איך בין אויך — אַ יודין"! דיינע קינדער וועלען לערנען זייער אמונה און וועלען זאָגען: „די פֿערפֿלוכטע יודען האָבען

גע הרג׳עט אונזער גאט!" און דו וועסט שווייגען: און דיין מאן וועט זיין שעמען מיט דעם, וואס זיין ווייב איז א — „זשידאווקע" און ער וועט אויך שווייגען!

לאה (מיט טרערען).

ניין! ניט אמת!

לייזער (אויפהעבענדיג דעם קול).

אמת! ער וועט ניט אבהאלטען די קינדער און ער וועט זיי ניט זאגען: „ניט פלוכט די יודען, ווייל אייער מוטער איז אויך - א יידין!"

לאה (מיט א נערוועזען געוויין).

שווייג-זשע! דאס וועט ניט זיין! קיין מאל ניט! דער מענש, וועלכען איך האב ליעב... ניין! ניין!

לייזער.

גענוג! אך, לאה, לאה! צו דען ווייסען זיי ניט, אז זייער גאט איז געוועזען אויף דער ערד א יוד און אז די מוטער פון זייער גאט איז געוועזען א יידין און צו דען האבען זיי ניט קיין מורא אונז אנצורופען „זשידעס"?

לאה (מיט א געוויין).

ניט רעד! שווייג! דו קענסט ניט דיזען מענשען... דו זאלסט זיך ניט דערוועגען אזוי צו רעדען. ער ליידט פאר אלעמען, ווער ס'איז ער-ניעדריגט, אונטערדריקט... און פאר אונזער פאלק ליידט ער צוזאמען מיט אונז... דערוועג זיך ניט! ניט דערוועג זיך!

לייזער (שטרענג).

לאה! איך קען דיך ניט בענטשען!.. צי איז אויך דאס יעצט געווארען איבעריג?.. (מיט אראבגעפאלענעם קול). יעצט ברויכט מען גאר ניט, גאר ניט!... (טרייסלענדיג מיט'ן גרויען קאפ מאכט ער צו די אויגען און הויבט אן שטיל צו וויינען, לאזט זיך אראב אויפ'ן שטוהל, לאה געהט צו פון הינטען).

לאה (ארומנעהמענדיג דעם פאטער מיט די הענד).

פאטער! ליעבער פאטער! ניט וויין! מ'ברויכט ניט! איך האב דיך ליעב... זעהר ליעב! איך ווייס נאך גאר ניט! ס'קען זיין, אז דאס אלץ וועט אריבערגעהן און אלץ... וועט בלייבען ווי פריהער... איך ווייס דאך אליין ניט, צו ליעב איך איהם מעהר, ווי דיך! איך ווייס ניט!.. ניט וויין!.. (אין מאגאזין געהט אריין בערעזין, געהט דורך געשווינד און שטעלט זיך אב אין ארקע).

### לייזער.

לאָה, לאָה! איך בין שוין אַלט, גאַנץ אַלט! לאָז מיר שטאַרבען אָהן דער דאָזיגער שאַנדע... ביי מיר איז שוין פֿערפֿאַלען געוואָרען איין טאָכטער... זי איז ניטאָ!... איך האָב שוין פֿיעל צרות, זעהר פֿיעל צרות געזעהן אין מיין לעבען! טאָכטער! (נעהמט לאה'ן ארום). מיין ליעבע, לעצטע טאָכטער! אויב ד' האָסט נאָך אַ ביס'ל רחמנות אויף דיין אַלטען פֿאָטער, האָב נאָך געדולד און לאָז מיך שטאַרבען... אַז איך וועל שטאַרבען־דאַן ליעב וועמען דו ווילסט... מ'קען גאָר ניט מאַכען!.. גאָר ניט!.. (מיט פערצווייפלונג). צו וואָס האָב איך דיך געלאָזען לערנען? צו וואָס? מ'האָט דאָרט פֿערדאָרבען מיין ליעבע טאָכטער! (הויבט זיך אויף און, שאקלענדיג מיט'ן קאפ, געהט ער אוועק אין די וויי‏טערע צימערן).

### בערעזין.

לאה!

**לאה** (אויפהעבענדיג דעם קאפ מיט א שרעק).

דו?... געה אַוועק! ביי גאָט, געה אַוועק! איך קען דיך יעצט ניט זעהן... לאָז מיך. לאָזט מיך אַליין, אַליין, אַליין! (מיט א היסטערישען געוויין לויפט זי אריין אין די וויי‏טערע צימער. בערעזין, א איבערראשטער מיט דעם, וואס ער האט געזעהן, געהט אוועק דורכ'ן מאגאזין. ברוך געהט ארויס פון זיין צימער און לויפט אין די וויי‏טערע, — פון דארט הערט מען אהן אויפהער דאס היסטערישע געשריי פון לאה'ן. שלמה קוקט אריין א דערשראקענער אין זאל און געהט צוריק אויף די שפיץ פינגער).

**לייזער** (געהט ארויס פון די וויי‏טערע צימערן, א צומישטער, געהט צו'ם מאגאזין).

שלמה! שלמה! וואָס וועלען מיר מאַכען? וואָס זאָל איך מיט איהר טהון? פֿאָהר נאָך פֿורמאַן! שנעל! ס'איז מיט איהר זעהר שלעכט...

### שלמה.

איך קען צולויפֿען: ס'איז זעהר נאָהנט...

### לייזער.

פֿאָהר מיט אַ פֿוהר! (ווארפט ארויס פון טאש אויפ'ן טיש צוויי זילבערנע מטבעות). אַך, גאָט וויל מיך מעהר ניט שוינען! (קעהרט זיך צוריק). ברוך! ברוך! געה אין מאגאזין! דאָרט איז קיינער ניטאָ! (ווערט פערשוואונדען אין די וויי‏טערע צימער; ברוך געהט אריין אין מאגאזין. לאה בלייבט שטיל, אין מאגאזין קומט אריין א גאסט, ברוך ענטשולדיגט זיך, ער קען ניט אננעהמען דעם זיינער, ס איז קיינער ניטא. גאכהער לויפט אריין אין מאגאזין דער שרעקליך צורודערטער איסערזאהן).

### איסערזאהן.

ס'האָט זיך אָנגעהויבען! אין דרום־רוסלאַנד שלאָגט מען... נאָר

וואָס האָט מען ערהאַלטען די טעלעגראַמעס!·· אין אָבענד וועלען מיר זיך צוזאַמענקלויבען ··· קומט אין אָבענד אין גאָרטען, הינטער דעם גראָבען··· איך געה צו בערעזין'ן··· ער וועט ברייננגען רוסישע··· קומט צו איהם צוזאַמען!

ברוך.

ביי אונז איז אַ קראַנקע··· די שוועסטער··· באַלד קומט דער דאָקטאָר··· איך וועל קומען··· (איזערסאהן, אהן ווערטער, דריקענדיג ברוך'ן די האנד ווערט שנעל פערשוואונדען).

לייזער (דורכגעהענדיג אין מאגאזין).

נו, דאַנקען גאָט! דאַנקען גאָט··· ס'קען זיין, אַז ס'וועט אַלץ אַריבער···

ברוך.

וואָס?.

לייזער.

זי האָט זיך בערוהיגט··· זי לאַכט שוין ··· גאָט צו דאַנק! (הארב איבערטוישענדיג דעם טאָן). דאָס ביסט דו – שולדיג! דו!

ברוך.

אין וואָס בין איך שולדיג?

לייזער.

דו האָסט אויפגעהערט צו זיין אַ יוד און דו האָסט פערדאָרבען דיין שוועסטער! זי האָט זיך צוריק געקעהרט ניט קיין יידיש קינד··· איך זעה שוין לאַנג, אַז דאָס איז דיין אַרבייט! דו חַבֵר'סט זיך מיט גוים און דו ליעבסט ניט דיין פאָלק! זעה! (סטראשעט מיט'ן פינגער) גאָט זעהט אַלץ!··

ברוך (טויב).

גוט··· (געהט אריין אין זאל און פערקלערט געהט ער ארום הין און צוריק. אין מאגאזין געהט אריין פורמאן, אין א צילינדער, האנדשוה מיט א ציגאר אין מויל און א שפאציר-שטעק'ל אין האנד. נאך איהם געהט נאך שרמה).

פורמאן.

גוט מארגען, לייזער מאָיסעיעוויטש!

לייזער.

גוט מאָרגען, דאקטאר!

פורמאן.

וואָס איז דאָס ביי אייך? דאָס פרייליין מאַכט זיך ווידער נאַריש?

לייזער.

מיט איהר האָט ווידער אַ מאָל געטראָפען אַ נערווען-אָנפאַל... איך האָב זיך זעהר דערשראָקען, נאָר יעצט איז, געלויבט איז גאָט, בעסער - זי לאַכט... דאָ לאַכט זי, דאָ וויינט זי... יעצט איז שוין ניש'קשה... זי זאָגט, אַז איהר טהוט גאָר ניט וועה, נאָר איך זעה, אַז זי געהט אויס, ווי אַ ליכט... זי בענקט...

פורמאן (זעצענדיג זיך).

דאָס איז ניט גוט. מ'ברויכט צו זיין פרעהליך און געזונד, ווען ניט איז זעהר אומעטיג צו לעבען אויף דער וועלט... ס'איז צייט חתונה האָבען, - ס'וועט אַלץ אַריבער!.. מיר וועלען באַלד אַ קוק טהון...

לייזער.

ס'קען ניט זיין, אַז אַלעמען אויף דער וועלט זאָל זיין פרעהליך. אום ס'זאָל עמיצען זיין פרעהליך, מוז דאָך עמיצען זיין אומעטיג... מ'קען גאָר ניט מאַכען!

פורמאן.

נאַ'ט אייך גאָר אַ נייעס! ניין, געעהרטער לייזער מאָיסעיעוויטש, איך שעץ אייך מיט אַנ'-אמת, אַזוי ווי אַ פאַטריאַרך פון אַ גוטער יידישער פאַמיליע און איך ווינש אייך פון גאַנצען האַרצ'ן, אַז איהר און אייער גאַנצע ליעבע פאַמיליע זאָלען שטענדיג זיין פרעהליך און געזונד... האָט איהר געהערט: מ'זאָגט, אַז אין קישינעוו האָט זיך אָנגעהויבען אַ פאָגראָם!..

לייזער (דערשראָקען).

וואָס רעדט איהר, דאָקטאָר?

פורמאן.

אַליין האָב איך ניט געלייענט, נאָר מ'זאָגט, אַז היינט איז דאָ אַ טעלעגראַמע.

לייזער.

אפשר איז דאָס - ניט אמת?

פורמאן.

ס'קען זיין.! קישינעוו איז ווייט... גאָט וועט געבען, מיר וועלען

בלייבען גאַנץ אונ אָהן שאָדען. (לעגט אוועק די ציגאר). נו, וואָס איז דאָרט מיט'ן פריילין? מ'מוז אַ קוק טהון...

## לייזער.

קומט, דאָקטאָר! אָח! אָח־חאָ! ביי מיר איז שוין אַזוי אויך אַ פּאָגראָם... ביי מיר איז די נשמה קראַנק אונ ביי מיין לאה'ן איז אויך די נשמה קראַנק...

פורמאן (געהט צו דער קראנקער; נאך איהם געהט לייזער).

אַט וועלען מיר זעהן. מ'מוז אַ קוק טהון.

## לייזער.

ע! קיינער האָט נאָך ניט אויסגעטראַכט אַזאַ שפּיעגעל, וועלכע מ'זאָל קענען אַריין שטעלען אין נשמה און אַ קוק טהון!

## פורמאן.

ניש'קשה. מיר וועלען זי אויך אָהן אַ שפּיעגעל דערזעהן, די נשמה, הייסט עס!

## לייזער.

הלואי, דאָקטאָר! די וויסענשאַפט קען יעצט אַלץ וויסען. (פורמאן בעגריסט זיך אין זאל מיט ברוך'ן) · אָט זאָגט מיין ברוך, אַז, ס'קען זיין, דער מענש האָט גאָר אין גאַנצען ניט קיין נשמה, ער האט נאָר קישקעס...

## פורמאן.

אונ דאָס קען אויך זיין! (פורמאן אונ לייזער ווערען פערשוואונדען אין ד, ווייטערע צימער; ברוך געהט שטיל נאך זיי אהין).

ישראל (רוקט אריין דעם קאפּ אין טהיר פון מאגאזין).

ווילט איהר וויסען פרישע נייעס? (דערלאנגט א צייטונג).

## שלמה.

געהט אַריין! איז עפּעס דאָ וועגען פּאָגראָם?

## ישראל.

ס'איז דאָ. זעהר ווייניג... מ'שלאָגט... נאַ'ט אייך אַ צייטונג, איך אייל מיך אַזעלכע נייעס קען מען אין טאָרבע ניט האַלטען.

## שלמה.

וואַרט אַ ביס'ל! מ'דאַרף אַ ביס'ל שמועסען!

ישראל.

ס'קומט פון אייך פינף קאָפּעקעס, אויב ס'וועט אונזביידען הרגנ'ען וועלען מיר זיך אויסרעכענען אויף יענער וועלט. נאָר איהר בעצאָהלט מיר דאָרט זעקס קאָפּעקעס, ווייל איך וויל חאָטש אויף יענער וועלט זיין אַ גביר. (ווערט פערשוואונדען).

שלמה (לעזענדיג די צייטונג).

אוי, — אוי — אוי! וואָס-זשע וועט עס זיין? מ'קען שוין גאָר ניט לעבען... (ער ד עהט זיך ארום ביי די טהירען, רעדט מיט דורכגעהנדע יודען דא דורכ'ן פענסטער, דא אויפ'ן שוועל, לעזט איינעם די טעלעגראמע וועגען פאגראם).

פורמאן (געהט ארויס פון דער קראנקער, נאך איהם — לייזער).

גאָר נישט וויכטיג'ס. אַ געוועהנליכע געשיכטע. די קולטורעלע פרוי טויג היינט אין ע היפּש צו גאָר ניט, און די אינטעליגענטע יידישע פרויען זענען גאָר אַ שלעכטעס פובליקום!... איבריגענס, צווישען יודען זענען יעצט פאַראַן פיעל ניירוטעניקער, אפילו צווישען מאַנער... אויף דער לעצטער פערזאַמלונג פון די ציוניסטען איז אונזער דעמאַגאָג נחמן אַריין געפאַלען אין אַ שאַרפע היסטעריע; ער האָט געוויינט און געלאַכט, ווי אַ פרויענצימער, און נאָך איהם האָבען זיך אָבגערופען אי די פרויען, אי די מאַנער, מיט איין וואָרט — ס'איז אַרויסגעקומען עפּעס אַ מין געוויין אויף די וואַסער'ן פון בבל! איהר האָט געהערט וואָס ס'איז אַרויסגעקומען אויף דער פערזאַמלונג? (ברוך געהט ארויס אין זאל און שטעלט זיך אב אן א זייט).

לייזער.

ניין. וואָס-זשע האָט געטראָפען?

פורמאן.

אַ סקאַנדאַל! נחמן האָט בעליידיגט דעם באַנקיר סאַקער! דעם פאָרזיצענדען!

לייזער.

אוי -אוי — אוי! צו דען קען מען זיך קריגען מיט אַזאַ גרויסען מענשען?!

פורמאן.

ער איז אַ מענש אַ בריה! ער האָט בעשולדיגט ראטשילד'ן אין דעם, וואָס מיט זיין אַריינמישען זיך אין דער פּאַלעסטינישער בעוועגונג האָט ער פערדאָרבען די נשמה פון דיזער פאָלקס-בעוועגונג, האָט זי בּליה געמאַכט און האָט זי איבערגעקעהרט אין אַן-איינפאַכע פילאַנטראָפּיע.

ברוך (אומדרעהענדיג זיך).

גאַנץ ריכטיג...

פורמאן.

נאָכהער האָט ער בעפאַלען אַלע אונזערע קרעזען, צווישען זיי איך סאקער'ן, מַסְתְּמָא! ער האָט זיי אַ וואָרף געגעבען אין פָּנִים אַ זעהר גרויסעס שטיק בלאָטע: ער האָט זיי בעשולדיגט אין דעם, אַז דעם יודען האַלטען פיעל פאַר אָ שווינדלער צוליעב אַזעלכע עהרליכע לייט, ווי ראטשילד, סאַקער און נאָך אַזעלכע...

ברוך

גאַנץ ריכטיג...

פורמאן.

ריכטיג איז עס אפילו ריכטיג, נאָר ס'איז אָבער שלעכט, וואָס פון די דאָזיגע בעשולדיגונגען וועלען קיינע נוצען ניט אַרויסקומען און דער שאָדען—איז גאַנץ זיכער. סאַקער איז בעליידיגט, עפענטליך בעליידיגט! ער איז אַוועק פון דער פערזאַמלונג. דאָס וועט זיך געוויס אָבשלאָגען אויף די אינטערעסען פון דער היגער יודישער וואָהלטהעטיגקייט...

לייזער.

ס'איז צווישען יודען ניטאָ קיין שלום! אַלע ווילען לעבען ניט לויט דעם געזעץ, וועלכען גאָט האָט אונז געגעבען, נאָר נאָכ'ן אייגענעם שֵׂכל. נאָר וואָס איז דאָס אַזוינ'ס אונזער שֵׂכל? דער נאָר מיינט שטענדיג, אַז ער איז דער קליגסטער מענש אויף דער וועלט! (פויזע). איז אַלזאָ, דאָקטאָר, ניטאָ קיין סכנה?

פורמאן.

גאָר נישט, זי וועט זיך בערוהיגען. אַ קליינע שוואַכקייט, אַן'-אינטער-דריקטער צושטאַנד פונ'ם גייסט, וואָס מ'רופט עס יוגענד-פעסימיזם... דער דאָזיגער פעסימיזם איז ניט געפעהרליך: ס'וועט זיך אַ ווייז טהון די זון,—און אין יונגען קאָפּ וועלען זיך אַריין חאַפּען די שענסטע, פרעהליכסטע געדאַנקען! לאה לאזארעוונא איז נאָך אַזוי יונג... איהר לעבען איז נאָך פאַר איהר... זאָל זי פונדעסטוועגען נאָך ליעגען אַ טאָג צוויי—דריי אין בעט. דאָס וועט ניט שאַדען... איך וועל איהר פונדעסטוועגען פערשרייבען אַ בערוהיגונגס-מיטעל... (זעצט זיך צו'ם טיש, שרייבט א רעצעפּט).

לייזער.

די היינטיגע יוגענד, דאָקטאָר, ליעבט ניט קיין פרייד, זי ליעבט מעהר צו וויינען, ווי צו לאַכען.

ברוך.

ס'איז אין לעבען ווענינ לעבערליבעס דאָ...

לייזער.

אויב ס'זענען ניטאָ קיין צרות, מאַכט מען זיי זיך אַליין. (שאקעלט מיט'ן קאפּ אין ברוך'ס זייט). אָט! געלערנט, געלערנט, און אַלץ פערפאַלען בחנם. איך האָב געמיינט, אַז ווען איך וועל בלינד ווערען פון דער אַרבייט, וועל איך האָבען אַ פערטיידיגער... און איך האָב אַלץ געהאָפט, אַז איך וועל ווען ס'איז זיין גליקליך און וועל אויפהערען צו בעטראַכטען די זייגערס. און זיי האָבען דאָרט איינגעאָרדענט עפּעס אונארדנונגען,—און יעצט איז אלץ פערפאַלען!.. זיי שווינען ניט זיך, ניט זייערע עלטערן...

פורמאַן (צולעגענדיג זיך אין שטוהל און פעררויכענדיג א ציגאר).

איהר וועט גאָר ניט מאַכען. די יוגענד איז אומעטום די זעלבע... איהרע פעהלער ווידערהאָלען זיך פיעל מאָל אָהן אַ סוף... דער גן-עדן אויף דער ערד איז שטענדיג געווען אַ געשמאַקע זאַך, בעזונדערס פאַר אונז, יודען, ווייל, ערשטענס, די ערשטע מענשען, חאָטש זעהר ווענינ, פונדעסטוועגען האָבען זיי דאָך אַ ביס'ל געלעבט אין גן-עדן, און צווייטענס, שווין צו לאַנג געפינען מיר זיך אין היסטארישען גהינום!... ס'וועט, פערשטעהט זיך, פון דעם גאָר ניט זיין... ניט ווילענדיג-כּליה געמאַכט דאָס לעבען און די קאַריערע, די יודישע קאַריערע איז אָהן דעם אויך בעגרענצט און דאָ נאָך, די דאָזיגע אונארדנונגען...

לייזער.

אָט רעד איך דאָס צו איהם! דאָס זעלבע טאַקי רעד איך צו איהם! נאָר ער מיינט, אַז איך בין גאָר אַנ'-אַלטער נאַר... ער מיינט, אַז אַנ'-אַלטער נאַר איז ערגער פון אַ יונגען נאַר!.. און וואָס-זשע איז יעצט אַרויסגעקומען? יעצט זאָגט מען, אַז דאָס אַלץ האָבען יודען איינגעאָרדענט, און ניט די סטודענטען... אַז די יודען ווילען פון דעם מאַכען פאַר זיך עפּעס אַ געשעפט...

ברוך.

ווער קען עס אַזוי רעדען? די נאַרען קענען אַזוי רעדען.

לייזער.

און זאָל זיין אַז די נאַרען רעדען דאָס...

פורמאַן.

ווייסט איהר, יונגער מאַן, וואָס טווען האָט געזאָגט? ער האָט געזאָגט:

אויף דער וועלט איז פֿאַרהאַן מעהר נאַרען, ווי קלוגע, און איהר האָט זיך דערשלאָגען צו אַנ'–אַלגעמיינעם וואַהל=רעכט!"

ברוך.

ווי קומט אַהער דאָס אַלגעמיינע וואַהל=רעכט?

פורמאַן.

דאָס זאָג איך זיך אַזוי–הֶרֶךְ אַגַב ··· דער עקר איז, איך קען ניט, מיינע הערדען, פֿערשטעהן, ווי מיינט איהר איינצואָרדנען אייער לעבען? איהר ווילט זיך איינאָרדנען אין אַ פֿרעמדען לאַנד, נאָר פֿון דעם קען גאָר ניט אַרויסקומען. שפּעטער, אויב איך וועט זיך איינגעבען עפּעס עס איז איינצואָרדנען, עפּעס אַ מין שטאַל פֿונ'ם אַלגעמיינעם וואָהלזיין,–וועט מען אייך, יודען, זאָגען: „וואַרפֿט זיך אַרויס פֿונ'ם פֿרעמדען לאַנד!" און ס'וועט פֿון דעם אַרויסקומען. אַז איהר וועט ווידער אַ מאָל גאָר ניט האָבען, אפילו אָט דעם דאָזיגען שטאַל... איהר, מיינע הערדען, שאַפֿט זיך אַליין נאָך אַ מאָל ריזעלבע עגיפּטישע אַרבייט, פֿון וועלכע איהר זייט אַ מאָל אַנטלאָפֿען... אַ דאַנק דער ליעבליכקייט פֿון משה'ן...

ברוך (אייגע'עקסנ'ט).

און אין וועלכען לאַנד רעכענט איהר זיך איינצואָרדנען, דאָקטאָר?

פורמאַן.

איך? איך האָב שוין, יונגער מאַן, איבערגעלעבט מיין יוגענד...

ברוך.

זיך איינגעאָרדענט?

פורמאַן.

ם... יא, זיך איינגעאָרדענט... איך לעב זיך און לעב ניט שלעכט...

ברוך.

איך ווייס עס... איהר האָט זיך אויך איינגעאָרדענט אין אַ פֿרעמדען לאַנד, מ'וועט אָנהויבען שלאָגען יודען און אייער געביידע וועט אויך צו=פֿליעהען אויף שטיקלעך... איהר גלויבט דאָך ניט אין ציוניזם? אויסוואַנדערן אין פּאַלעסטינאַ וועט איהר דאָך ניט?

פורמאַן.

אין ציוניזם? ווי זאָל איך אייך זאָגען! כ'גלויב און גלויב ניט.

ברוך.

איך פֿערשטעה ניט.

## פורמאן.

גאַנץ איינפֿאַך איך גלויב, אַז דער ציוניזם איז אַ געזונדער שטראָם אין אונזער יודישען לעבען; ער וועט, אַזוי זאָגענדיג, אַריין שפריצען איינינע טראָפּען פֿון אויפֿלעבונג אין אונזער נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין... איך גלויב אָבער ניט אין דער פֿערווירקליכונג פֿונ׳ם ציוניסטישען אידעאַל. דאָס איז אויך אַזאַ אוטאָפּיע, אַזאַ ווייטלוייפֿיגע פֿאַנטאַזיע, ווי דער סאָציאַליזם. מ׳ברויכט איינאָרדנען דאָס לעבען אין די גרענצען פֿון מעגליכקייט... און ווירקליכקייט. אין אָנפֿאַנג פֿון אונזער היסטאָרישען לעבען האָבען מיר געפֿיהרט אַ נאַטירליכען נאַציאָנאַלען לעבען. מיר האָבען געקעמפּפט, טריאומפֿירט, מיר זענען געפֿאַלען, און ווידער אַ מאָל אויפֿגעשטאַנען... לאַנג האָבען מיר זיך געשטאַרקט, נאָר נאָכהער... נאָכהער האָבען מיר פֿערלאָרען אונזער זעלבסטשטענדיגקייט, מיר האָבען פֿערלאָרען אונזער אָרגאַניזאַציע, אונזער ערד... דאַן האָבען זיך געצייגט די נביאים, וועלכע האָבען אָנגעהויבען טרייסטען דאָס פֿאָלק, ווייל דעם פּראָסטען פֿאָלק איז נויטיג צו געפֿינען אַנ׳-אָנשפּאַרונגס־פּונקט אין הימעל, איהם איז נויטיג אַ טרייסטונג... יעצט זענען ניטאָ קיין נביאים, אויב איך בין מיך ניט טועה, נאָר אַ טרייסטונג פֿאַר דעם פּראָסטען פֿאָלק איז יעצט אַזוי נויטיג, אַזוי, ווי פֿיעל טויזענדער יאָהר צוריק, פֿון אָדָם הָראשון׳ס צייטען אָן איז שיין, יונגער מאַן, נויטיג אַ טרייסטונג! און אָט קומט דער ציוניזם מיט זיינע לופֿט־פּאַלאַצען...

## ברוך.

פֿאַר וואָס נאָר דעם פּראָסטען פֿאָלק? וואָס ווילט איהר מיט דעם זאָגען? צו דען בעשטעהט דער פעבל נאָר פֿון אידיאָטען? (שלמה רייסט זיך עטליכע מאל ארויינצוגעהן אין זאל מיט דער ציימונג צו ערצעהלען וועגען דער איבער־געלייענטער טעלעגראמע, נאר ער וואגט ניט).

פורמאן (ווי ער וואלט געגעבען א לעקציע).

איך האָב, יונגער מאַן, דאָס ניט געזאָגט. ווערט ניט צוהיצט! איך בין אָבער זיכער, אַז איהר אַלץ מענש, וועלכער געהערט ניט צו׳ם פעבל, בעזיצט ניט די קינדערש־נאַיווע אמונה אין דער הַשְׁגָחָה פֿון הימעל, וועלכע דער פעבל בעזיצט, און איהר האָט ניט קיין אמונה... די אמונה, אָן וועלכע אונזער פעבל האָלט זיך נאָך ביז יעצט...

## לייזער.

אמונה? זיי געהען אין גאַנצען ניט אין שול, עסען טְרֵפוֹת זענען מחלל שבת... אמת דאָקטאָר, אמת!

פורמאן.

און מ'ברויכט ניט צו פערגעסען, אַז מיר, יודען, אפילו דאַן, ווען, מיר זענען געווען אויף דער העכסטער שטופע פון אונזער פאָליטישער מאַכט זענען מיר אויך געווען נאָר אַ רעליגיעז=נאַציאָנאלע חברה, אָהן דער רעליגיע איז ביי אונז ניטאָ קיין נאַציאָנאַליטעט...

ברוך.

איך פערשטעה ניט, צו וואָס ערצעהלט איהר דאָס אַלץ?

פורמאן.

איך וויל אייך ערקלערען, ווי אַזוי איך האָב מיך איינגעאָרדענט און אויף וועלכער ערד!.. איילט זיך ניט!

לייזער.

לאָז=זשע דעם דאָקטאָר רעדען; דאָס איז ניט איידעל!

פורמאן.

דער געבילדעטער יוד פערליערט צוזאַמען מיט דער אמונה אויך די נאַציאָנאַליטעט. דאָס איז אַ געזעץ פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון'ם יודישען פאָלק; אונזער יודענטום איז שטאַרק נאָר מיט דער אמונה. און ווער=זשע פון די געבילדעטע יודען קען זיך אָנרופען רעליגיעז? אַזעלכע קען איך ניט, איך האָב ניט געטראָפען. זעהר שנעל ווערט פון איהם דער גאַנצער יודישער גייסט אויסגעוועבט. עס בלייבט ביי איהם אפשר נאָר דער אַקצענט, די אויסשפראַכע, פון וועלכער אַלע לאַכען און וועלכע דיענט אַלץ אונערשעפטער מאַטעריאַל פאַר דעם רוסישען שאַרפזין. און וואָס=זשע בלייבט צו טהון? מ'פאָדערט זיך צו טויפען — טויף זיך! ניט לאַנג! מ'לאַכט אין דיין געגענוואַרט פון יודען, — לאַך אויך, ווייל עס האָט ניט קיין זין צו וויינען; דעם אָרימען יודען קומט אוים צו שטאַרבען פון הונגער, —באַמיה זיך צו ווערען רייך, ווייל שטאַרבען וויל דער יוד ניט, אַזוי ווי יעדע פערשטענדיגע בעשעפעניש! נאָכהער, ווען דו וועסט שוין ווערען רייך, וועט מען צו דיר, דעם זשיד, זיך בוקען און דו, דער זשיד, וועסט פון זיי לאַכען!.. אָט איז די גאַנצע לאָגיק פון לעבען! (שטעהט אויף). און יעצט צו'ם וויעדערזעהן; מאָרגען וועל איך פאַרפאָהרען אַהער, צו בעזוכען דאָס פריילין. (זעגענט זיך מיט לייזער'ן, לייזער רוקט איהם אין האנד האנאראר) ניין, איך קען ניט! איך קען ניט, לייזער מאָיסעיעוויטש! (פארוואַרפט אויפ'ן רוקען ביידע הענד און צושארט זיך מיט די פיס).

לייזער.

וואָרום? איהר האָט זיך בעמיהט, קיינער איז ניט מחויב צו אַרבייטען בחנם. (ציעהט אוים די האנד מיט געלד). מ'טאָר ניט בחנם...

## פורמאן.

איך – ניט בחנם! איך האָב בעקומען דאָס גרעסטע פֿערגעניגען פֿונ'ם בעוואוסטזיין, אַז איך האָב געקענט זיין פֿאַר אייך ווי פֿיעל עס איז ניצליך! (געהט הינטערוועררטס צו'ם אויסגאנג, לייזער געהט נאך איהם). אויב איהר ווילט דורכאוים פֿערליערען דאָס געלד – גיעט עס אַוועק פֿאַר אָרעמע יודען ··· זיי זענען ביי אונז אַזוי פֿיעל! (ברוך געהט אוועק אין זיין צימער מיט א איראנישען שמייכעל אויפ'ן געזיכט).

## לייזער.

גוט - איך דאַנק אייך! ענטשולדיגט, וואָס מיר זענען אַזוי ··· אָהן צערעמאָניעס ··· (בעגלייט פורמאנ'ן; ווען ער געהט אוועק, בלייבט לייזער אויפ'ן שוועל אונ רעדט מיט פורמאנ'ן, וועלכען דער צושויער זעהט ניט). איך? שלעכט, דאָקטאר! שוין צייט צו שטאַרבען ··· (פויזע). מיין מאָגען? אין אָרדנונג, אין אָרדנונג! ביי אנ'אָרעמען יודען איז דער מאָגען שטענדיג אין אָרדנונג: דאָרט איז דאָ אַ דוואָרניק, וועלכער קעהרט דאָרט שטענדיג אוים זעהר ריין! (לאכט, גיעט זיך א נייג אונ געהט אב פון טהיר).

## שלמה (מיט א שרעק, ווי ער וואלט געזאגט א סוד).

איהר ווייסט, רב לייזער?

## לייזער.

נו?

## שלמה.

אין קישינעוו איז שוין אַ פּאַגראָם.

## לייזער.

וואָס רעדסט דו?!

## שלמה (דערלאנגענדיג די צייטונג).

אָט דאָ ··· ס'איז דאָ אַ טעלעגראַמע ···

## לייזער.

אונז שלאָגט מען אומעטום, מ'שלאָגט שטענדיג, אַלע שלאָגען! אונ מיר שלאָגען זיך אליין, מיר שוינען זיך ניט! (שמייסט די צייטונג אן דער ערד אונ געהט צו לאה'ן). אוי – אוי – אוי! (ברוך געהט ארוים אין זאל). דו ווייסט: אין קישינעוו איז אַ פּאָגראָם?

## ברוך.

איך ווייס.

### לייזער.

איך האָב מורא, לאָה זאָל זיך וועגען דעם ניט דערוויסען ··· מ'דאַרף איהר ניט זאָגען, — זאָל זי זיך בערוהיגען ··· (געהט אויף די שפיץ פינגער צו לאה'ן און אויף קעהרט ער זיך פון דארט צוריק: שושקענדיג, פרעהליך). זי איז איינגעשלאָפען··· זאָל זי שלאָפען! און זאָל זיך איהר חלום'ן אַ גוטער חלום! אוי—אוי-אוי! (ברוך געהט מיט'ן היטעל אין דער האנד), וואוהין געהסט דו?

### ברוך.

איך ברויך ··· ס'איז נויטיג ··· איך וועל באַלד קומען! ··· (געהט דורכ'ן מאגאזין, לייזער געהט אויך אהין. ברוך פערשווינדעט).

### לייזער.

מ'ברויכט, שלמה, צו זיין שטילער! לאה איז איינגעשלאָפען ··· אָט געהט אַנ'-אונגליק, שלמה! מ'שלאָגט אונז ווייטער ··· אוי – אוי – אוי! אונרעסטוועגען ברויכט מען ניט, אַז זי זאָל זיך דערוויסען דערפון ··· זאָל זי זיך בערוהיגען ··· (זעצט זיך ארבייטען. אין מאגאזין געהט אריין א פאן)

### דער פאן.

גוט מאָרגען, העררר פרענקעל!

לייזער (נייגט זיך מיט א ברוגז'דיג פנים).

איך בעט דעם פאַן זיך זעצען (זיפצט).

### דער פאן.

האָט איהר געהערט? אין קישינעוו שלאָגט מען יודען?

### לייזער.

וואָס זאָל מען טהון?! עס איז שוין אונזער מזל אַזעלכער ··· וואָס פערלאַנגט דער פאַן?

### דער פאן.

געלד, מיין געעהרטער, ברויכט מען! ביז דער שחיטה, טייבעלע, ברויכט מען! העלפט אַרויס! באָרגען!

לייזער (זעהר ערנסט).

דער פאַן מיינט, אַז אַלע יודען האָבען געלד און געבען עס אויף פראצענט?

### דער פאן.

נו, שכן, וואו-זשע זאָל ···לד זיין, אויב ניט ביי אייך? איך וויל

ניט קיין סך: 200 רובל! אויף אַ וועקסעל· איך וועל געבען אַ גוטען פּראצענט···

לייזער.

און נאָכהער, ווען ס'וועט קומען די צייט צו צאָהלען, וועט דער פּאַן זאָגען: לייזער פּרענקעל איז אַ „פּאַרחאַטער זשיד"?

דער פּאַן.

איך, הערר פרענקעל, בין קדם־כּל אַ מענש מיט ערציעהונג, און אויסער דעם בין איך אַ געוועזענער אָפיציער פון דער רוסישער אַרמיע, און דעריבער האָב איך אַן'–עהרענ־געפיהל און אַ גוטען נאָמען···

לייזער.

ניט לאַנג האָט מיינער אַ גוטער פריינד, סענדערקאָ, געבארגט אַ הערר אָפיציער אויף אַ וועקסעל הונדערט רובל. דער הערר אפיציער האָט געזאָגט, אַז אויב סענדערקאָ וועט ניט געבען וועט ער זיך שיעסען, ווייל ער האָט פערשפּיעלט קאַזיאָננע געלד···

דער פּאַן.

עס טרעפּט·

לייזער.

דער הערר אפיציער האָט געוויינט און ער האָט אַפילו זיך גע'צלם'ט. סענדערקאָ האָט געגעבען· יעצט אָבער יאָגט דער הערר אפיציער סענדערקע'ן האלז און נאַקען און זאָגט, אַז ער וועט פאַרמעלדען אין סוד, אַ סענדערקא איז אַ „ראסטאָווטשטשיק"!

דער פּאַן.

דאָס איז שוין ניעדערטרעכטיג! דורכאויס ניעדערטרעכטיג?

לייזער.

און יעצט לאַכט דער הערר אָפיציער און סענדערקאָ וויינט· ער האָט געוואלט, ווי יעדער וויל, פערדיענען פון זיין קאַפּיטאַל, און אָנשטאָט דעם האָט ער אין גאַנצען פערלארען··· ער האָט שוין מעהר גאָר ניט. און דעם ארעמען יודען קומען דאָס געלד זעהר שווער אָן!

דער פּאַן.

ווענען קומען זיי אָן לייכט? (פּויזע)· נו, ווי–זשע וועט, געעהרטער הערר פּרענקעל, זיין ווענען דער מטבע? אויב איהר ווילט קען איך צו־שטעלען אַן' – ערב ··· צוויי!

לייזער.

און פונדעסטוועגן קען איך אייך ניט געבען...

דער פאז.

פאַר וואָס — זשע קענט איהר ניט?

לייזער.

ווייל איך האָב ניט קיין איבעריגעס געלד! (אין מאגאזין כמעט ווי עס לויפט אריין נחמן, שטארק אויפגערעגט).

נחמן.

ענטשולדיגט... איך האָב געשטערט?

לייזער.

מאַכט ניט אויס... (צו'ם פאן). איך האָב ניט קיין איבעריגע געלד.

דער פאַן (שטעהט אויף צורייצט).

צו וועלכען טייוויל האָט איהר דען געבראַכט אַזוי לאַנג צו רעדען וועגען דעם, וואָס איך וועל זאָגען און וואָס איך וועל טראַכטען, ווען איהר וועט מיר געבען געלד אויף אַ וועקסעל? (נחמן הערט זיך שטארק צו).

לייזער.

פאַר וואָס איז דער פאן אין כעס? איך האָב נאָר געוואָלט דעם פאַן זאָגען, אַז ס'איז אויף דער וועלט ניט גוט צו זיין אַ יוד...

דער פאַן.

אַ נו, חאַפּט אייך דער טוייוול מיט אייער זשידאווסקער פילאזאפיע! (דרעהט זיך אום און געהט צום אויסגאנג).

נחמן (גיעט זיך א ווארף נאכ'ן פאן).

גראָבער יונג! לאָבוס! (לייזער חאפט נחמנ'ן פאר'ן ראק און האלט איהם אב).

לייזער.

לאָזט אָב, נימ' טשעפּעט!

נחמן (מיט טרערען פון בעליידיגונג אין קול).

לאָבוס! ווי האָט ער דאָס אַזאַ העָזה?! (שווער אטעמענדיג לאזט ער זיך אראב אויפ'ן טאבורעט). אָה! ווען ס'איז וועט זיך ביי מיר דאָס האַרץ צורייסען!..

גיעב אַהער אַ גלאָז וואַסער, שלמה! (שלמה געהט אויף די שפּיץ פינגער אין זאל אונ ברײנגט וואסער. נחמן טרינקט, װישט אב דעם פּנים מיט אַ טיכל) פאַר װאָס האָט איהר זיך אַזוי צוהיצט? ס'האָט גאָר ניט בעזונדערס געטראָפֿען. צי דען װײסט איך אַלײן ניט, אַז איך בין אַ זשיד אונ אַז מײן פֿילאזאפֿיע איז אַ זשידאָװסקע? (אין טהיר בעװײזט זיך לאה אנהאלטענדיג זיך אין קאסיאק (בײשטידיל), הארכט נחמנ'ס װערטער).

## ‑המן.

איך האָב ערהאַלטען אַ בריעף פֿון קישינעװ. דאָרט איז אַנ'אֶמת'ע שחיטה... דאָרט הרג'ט מען אַלעמען: אי אַלטע לײט, אי קינדער... מ'שענדט פֿרײען! (מיט ציטערדיגע הענד נעהמט ער ארויס פון קעשענע ‹‹בריעף אונ לײענט) אָט... אָט! „גאַנצע באַנדעס פֿון מערדער געהען איבער די גאַסען, חאַפּען זיך אַרײן אין די יודישע הײזער אונ מאַכען גרויזאַמע מערדערײען, פֿאַר װעלכע עס מעגען זיך שעמען די מערדערײען פֿון די טערקען איבער די קריסטען! אײן יודישען סטאָלאַר האָט מען אָבגעזעגט די הענד, אײן פֿרוי האָט מען געעפֿענט דעם בױך אוּן מ'האָט איהם אָנגעפֿיהלט מיט פֿעדערן, די צװײטע מעוברת האָט מען אױסגעצױגען אויף דער פֿאָדלאָגע אונ מ'האָט זי געשענדט אויף דעם עקעלהאַפֿטעסטען אופן... אַ יונגעל, אַ גימנאַזיסט, האָט מען אױסגעשניטען די צונג... אונ די סאָלדאַטען זענען געשטאַנען אָן אַ זײט אונ זײ האָבען ניט געװאָלט פֿאַר זײ זיך אָננעהמען. (איבעררײסענדיג דאָס לעזען. לײזער שװײגט, שלמה װײנט שטיל) װען װעט עס שוין אַ מאָל אויפֿהערען? (ס'געהט ארײן ברוך. נחמן שפּרינגט אויף אונ טרײסלענדיג מיט'ן בריעף, שארף, שרײענדיג, מיט סימנים פון היסטעריע אין קול רעדט ער געשװינד, זיך שטיקענדיג) באָרים לאַזאַרעװיטש! מזל טוב! מ'שלאָגט אונז! מ'שלאָגט שרעקליך! און מ'טאָלקעװעט װעגען רעכט אונ װעגען אַלגעמײנע סאָלידאַריטעט בײ די אָרעמע לײט, אונ דערװײל זאָל מען שלאָגען אונזערע פֿאָטער'ס צופֿליקען אונזערע קינדער, מאַנס זײן די מײדלעך.

## לײזער.

רב נחמן! אום גאָטעס װילען, שטילער! לאה... זי שלאָפֿט. זי... קראַנק...

## נחמן

אַלע מוזען עס װיכען! אַלע! אי געזונדע, אי קראַנקע! אפשר װעט דאָס אויפֿװעקען אונזערע אינטיליגענץ! אפילו די בהמות, אַז זײ זעהען װי מ'קוילעט אַנדערע בהמות, חאַפּט אָן אַ בלוטיגער װילדער שרעק, זאָל די אַלע, װעלכע זענען רוהיג, װעלכע האָפֿען נאָך אויף עפּעס דאָ, אין גלות. זאָל די אַלע אָנחאַפּען דער דאָזיגער בלוטיגער שרעק! זאָל מען אונז שלאָ‑

גען! זאָל מען שלאָגען! (הייזעריג) דערוואַרט זיך אויף מאַרקס'ן, ווען ער וועט קומען און וועט אַייך אַוועקפֿיהרען אין דאָס גליקליכֿע לאַנד!

**לייזער.**

אום גאָטעס ווילען, שטילער!

**נהמן** (מיט אַ היסטערישען געלעכטער)

דערוואַרט זיך אויף מאַרקס'ן! נאָר היט זיך: צי וועט ער אַ מאָל ניט פֿערגעסען מיטנעהמען די יודען, ווען ער וועט אַלע מענשען אַוועקפֿיהרען אין דאָס גליקליכֿע לאַנד, ער וועט פֿערגעסען! פֿערגעסען! די זשידעס וועט ער פֿערגעסען!... (פאלט אין א היסטערישען אנפאל אונ ביי'ם פאלען פערלירט ער דעם שטוהל, לאה שרייט אויס מיט א קוויטש אונ פאלט אין חלשות. אויפ'ן גאס איז עפעס א טומעל, ברוך לויפט צו לאה'ן).

**פאליציאנט** (אריין קוקענדיג אין מאגאזין).

פֿערמאַכט דעם מאַגאַזין! אויפֿ'ן מאַרק איז ניט רוהיג! נעשווינדער! (ווערט פֿערשוואונדען: שלמה ציטערנדיג מיט'ן גאַנצען קערפער הליפעט אונ הויבט אָן איילענדיג צו פֿערשליעסען די טירען אונ אויפֿצורוימען פֿון פֿענסטער די זילבערנע אונ גאלדענע זאַכען, לייזער שטעהט שווייגענדיג, מיט אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ).

**אָ ר ה אַ נ ג.**



# פֿיערטער אַקט.

---

די יעלבע דעקאָראַציע

**דער** מאַגאַזין איז פֿעסט געשלאָסען; דורך די שפּאַרען אין די לאָדען רייסט זיך דורך פּאַסענווייז דער רויטליכֿער אָבשלאָג פֿון דער אונטערגעהענדער זון. דער זאַל איז אָנגעפֿילט מיט אין אַ אונאָרדנונג אָנגעוואָרפֿענע זאַכען פֿון די אָנגעקומענע אהרן מיט זיין ווייב אונ קינדער, וואָס זייער געוויין לאָזט זיך צייטענווייז הערען פֿון די וויטערע צימערן צוזאַמען מיט דער זאָגעריי פֿון חנה'ן. די מומע שרה דרעמעלט אינ'ם האַלב פֿינסטערן ווינקעל פֿונ'ם זאַל, מורמעלט עפּעס שטיל אונ שאקעלט מיט'ן קאָפּ. ש. מ ה, ביי דער שיין פֿון אַ שטיקעל ליכֿט, זיצט ער די פֿיס אונטער זיך אויף דער פּאָדלאָגע פֿונ'ם מאַגאַזין, וויינט שטיל אונ פֿערפּאַקט אין קעסטלעך וואַנד=זייגערס, אָרדענס, מעדאַלען, אונ צייטענווייז לאָזט זיך הערען אַ אומעטיגער קלונג פֿון די שפּרינגפֿעדערן אין די זייגערס. פֿון ברוך'ס צימער לאָזט זיך הערען אַ שטאַרקער שמועס צווישען פֿאָטער מיט'ן זון.



## לאה.

(א קראנקע, קוים וואס זי שלעפט די פיס, געהט אריין אין זאל און געהט צו צו דער מומע שרה).

מומע! איהר וואָלט זיך צוגעלעגט! איהר זיצט דאָ די צווייטע נאכט... מומע!

שרה (אויפחאפענדיג זיך).

אך, ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקען!.. איך האָב איינגעדרימעלט און מיר האָט זיך אָבגעדאַכט עפעס ניט גוטעס...

## לאה.

לעגט זיך אויף מיין בעט!

## שרה.

ניש'קשה... בחנם שלעפסט דו זיך אַליין אַרום... דו ביסט גאָר אַ קראַנקע... די קינדער לאזען דיר ניט שלאָפען? וואָס זירלען זיי זיך דאָרט אַלץ? אין אַזאַ שרעקליכע צייט!... דאָס איז אַ גרויסע עֲבֵרָה!.. דו ווילסט, געוויס, עפעס עסען... דו עסט גאָר ניט... (מיט גרויס מיה הויבט זי זיך אויף פון שטוהל און שאקלענדיג זיך געהט זי אוועק אין די ווייטערע צימער). באַלד וועט שוין ביי אונז גאָר ניט זיין... זיי האָבען אַלץ אויפגעגעסען... ס'איז נישטאָ אוואו צו נעהמען פלייש, מילך... (ווערט פערשוואונדען אין די ווייטערע צימערן, פון וועלכע ס'קומט אהרן און נאך איהם חנה).

חנה: (מיט טרערען, מיט א פארוואורף).

איך האָב דאָך ניט געזאָגט! מ'האָט גברויכט צו זיצען אויפ'ן אָרט... ברייננ מיר דאָס קערב'ל!

## אהרן.

ווער־זשע האָט געקענט וויסען? ס'איז אומעטום ניט גוט... ס'איז נישטאָ וואוהין אַוועק צו געהן! (א געוויין פון די קינדער פון ווייט'ן).

## חנה.

שוין! שוין! אָט אַ שטראָף פון גאָט! איך געה שוין (געהט צו די קינדער).

אהרן (שלעפט דאס קערבל).

ווער האָט דען געקענט וויסען? דאָ זענען פאַרהאַן סאָלדאַטען, אָבער

ביי אונז איז קיין סאָלדאַטען ניטא··· ס איז אומעטום ניט גוט... ס'אי ניטאָ וואוהין אַוועק צו געהן...

לאה (געהט ארום איבער די צימערן, געהט צו צו דער ארקע אין מאגאזין).

וועגען וואָס, שלמה, וויינסט דו?.. געה אַהיים! מ'קען אַלץ מאַכען אָהן דיר...

שלמה (אריין ציעהענדיג מיט דער גאז די לופט).

וואוהין זאָל איך דען געהן?... איך געה אויפ'ן אונטערשטען מאַרק, אויב איך וועל אַהין געהן,—וועט מען מיך הרג'נען··· מ'האָט גע־הרגט מיין מוטער··· איך ריהר קיינעם ניט אָן, איך לעב מיר שטיל,—פֿאַר וואָס זאָל מען מיך הרג'נען?!

לאה (מיעד).

הער־זשע אויף! מיט טרערען וועסטו ניט העלפֿען··· (געהט אוועק שטיל אין די ווייטערע צימערן, איהר אנטקעגען לויפט אריין פון דער הינטער-טיר דער שרעקליך צורודערטער איזערסאהן).

איזע־סאהן.

וואו איז בערעזין?

לאה.

איך וויים ניט...

איזערסאהן.

וואו איז ער דען? אויב ער גלויבט אין דעם, וואָס ער רעדט, מוז ער זיין מיט אונז! דאָרט הויבט זיך שוין אָן!.. ער מוז געהן אַהין!..

לאה (מיעד מיט טרערען).

כ'וויים ניט··· כ'וויים גאָר ניט...

איזערסאהן (אוועקגעהענדיג).

אויב ער וועט קומען, זאָגט איהם, אַז איך גלויב! איך קען ניט—ניט גלויבען. איך מוז גלויבען! מיר ווארטען אויף איהם··· אויב מיר זענען–ברידער, טאָ זאָל ער געהן... אַהין! (אנטלויפט, די טיר פון ברוך'ס צימער עפֿענט זיך,—ס'געהט ארויס לייזער, ברוך בלייבט שטעהן אויפ'ן שוועל).

לייזער (אומדרעהענדיג זיך).

וואָרום געהט ער צו דיר?

ברוך.

ער איז מיינער אַ חבר.

לייזער.

וואָרום האָסט דו זיך ניט אויסגעקליבען אַ פריינד פון יודען? וואָרום האָסט דו ניט קיין פריינד פון יודען?

ברוך.

ס'האָט זיך אַזוי געטראָפען. פריינד קלייבט מען ניט אויס. דאָס ווערט פון זיך אַליין... און איז דיר דען ניט אַלץ איינס ווער איז מיין חבר?

לייזער.

איך וויל ניט ער זאָל געהן אַהער, דו הערסט?

ברוך.

וואָרום?

לייזער.

אויב דו פערשטעהסט ניט, לוינט ניט דיר צו ערקלערען! איך וויל ניט! פערשטאַנען? איך מיין, אַז דו וואָלסט אויסגעקליבען חברים מיט פאַרזיכט, וואָלט מען דיך מיט לאה'ן ניט אַרויסגעטריבען און איהר וואָלט געענדיגט דאָס לערנען... הערסט דו, וואָס דער דאָקטאָר פורמאַן זאָגט? וואָס איז אַרויסגעקומען פון אַייערע אונארדנונגען? וועמען איז דורך זיי געוואָרען בעסער?

ברוך (שטיל, נאר מיט עקשנות).

מיר... (פון וויט'ן רוישען די מענגען, שלמה הארכט צו מיט שרעק)

לייזער.

דיר? נאר דער פאַר איז מיר, דיין פאָטער, געוואָרען נאָך ערגער!..

לאה (אין טיר).

הערט אויף! גענוג שוין! ס'איז ניט אַריבערצוטראָגען!

לייזער.

דו ברויכסט צו ליעגען! געה אַהין! (לאה ווערט פערשוואונדען). דו זאָגסט ליעגען! איז דען גוט איבער צולעבען דאָס ביס'ל יאָהרען, אַזוי ווי אַ הונד אין דער בודע אויף דער קייט? איז דען בעסער צו לעבען דאָרט, וואו מ'קען דיך שטענדיג אָננעהמען פאַר'ן האַלז און דערשטיקען, אַזוי ווי יעצט!

דו זעהסט ? (בעווייזט מיט דער האנד אויפ'ן מאגאזין). וואָס וועט זיין יעצט ? אָרענטליכע יודען וועלען פון דיר ווייכען, דו וועסט דאָ ניט בעקומען קיינע בעשעפטיגונג, מ'וועט אפילו ניט וועלען מיט דיר רעדען...

ברוך.

אונ אויסגעצייכענט. מ'קען זיך בעגעהן אָהן די „אָרענטליכע"...

לייזער.

אַלעס שלעכטעס אין דער וועלט, וואַרפען די מענשען אַרויף אויפ'ן יודען. דער זשיד איז אַ שווינדלער, דער זשיד–אַ „ראסטאווסטשיק", דער זשיד–אַ פּערעטער, דער זשיד האָט ניט קיין געוויסען... דו, ברוך, האָסט פון מיר בעהאַלטען: מ'האָט ניט געענדיגט דיין משפט און ס'קען נאָך זיין, אַז מ'וועט דיך אַריין זעצען אין טורמע... ווי וועט מען דיך אָנרופען נאָך דעם, ווי דו וועסט אבזיצען אין טורמע ? דער „זשיד" פון די אַרעסטאַנטען ? אַזוי ?

ברוך.

מיר איז אַלץ איינס... ס'זענען דאָ מענשען, וועלכע וועלען ניט אַזוי אָנרופען...

לייזער.

וואו זענען דען די דאָזיגע מענשען ? האָסט דו זיי געזעהן ?

ברוך.

כ'האָב געזעהן.

לייזער.

אונ ווי פיעל איז דאָ אַזעלכע מענשען ? איינער ? צוויי ? צעהן ?

ברוך.

עס איז דאָ יעצט פיעל (אטויבער טומעל פון דער ווייטער מעננע).

לייזער.

חע! מעהר פון די וואָס שלאָגען אונז? הערסט דו דאָרט ? ! (בעווייזט מיט דער האנד אין די לופט).

ברוך.

דו וועסט זיי ניט איבערצעהלען.

לייזער.

יעצט וועסטו שוין מעהר קיין מאָל ניט לערנען, ווייל דו ביסט א

זשיד · אַנדערע וועלען קומען צוריק, וועלען זיך אונטערבויגען און וועלען זיך ווידער זעצען צו די ביכער, דו אָבער–קיין מאָל ניט, ווייל דו ביסט אַ זשיד און איך האָב אַלץ געמאַכט, כדי דו זאָלסט קענען לעבען בעסער פון מיר, דיין פאָטער... דו האָסט גאָר פערגעסען, אַז דו האָסט אַני–אַלטען פאָטער, אַז דו האסט אַ שוועסטער, אַ מומע, אַז מיר אַלע זענען–זשידעס!

ברוך.

איך האב דאָס ניט פערגעסען, נאָר איך ווייס, אַז זענען דא מיליאָנען מענשען, וועלכע רופען זיך ניט אָן „זשידעס", פון דעסטוועגען לעבען זיי...

לייזער.

ברוך! אַלע האָבען אַ פאָטערלאַנד, ביי אונז מיט דיר איז ניטא קיין פאָטערלאַנד! (אין מאגאזין לויפט אריין אהרן דורכגענומען מיט א שרעק, רעדט וועגען עפעס האפענדיג און שטיל מיט שלמה'ן און אנטלויפט ווידער אין די ווייטערע צימער).

ברוך.

איך האָב...

לייזער.

וואו איז עס? וואו.

ברוך.

ווייט!... ווייטער פון פאלעסטינא... די מענשען וועלען אַ מאָל קומען אַהין, – און דאַן וועט ניט זיין ניט קיין יוד, ניט קיין אַרמענער, ניט קיין נעגער... (שלמה לאזט אראב אויף דער ערד א זייגער, דער אומעטיגער קלונג פון זיינע שפרינג-פעדערן ווערט אויסגעמישט מיט די איינגעהאלטענע שלמה'ס טרערען).

לייזער.

דו ביסט געווארען זעהר קלוג! נאָר, מיין זוהן, קהלת איז געוועזען נאָך קליגער פון דיר און ער האָט געזאָגט: „און מיר וועט אויך טרעפען דער זעלבער שיקזאַל, וואָס דעם נאַר, – און צו וואָס בין איך געוואָרען אַזוי קלוג?"

ברוך.

לאמיר אַוועקוואַרפען דיזען שמועס! יעצט איז ניט די צייט, און מיר וועלען דאָך איינער דעם אַנדערן ניט פערשטעהן... אַלץ איינס!..

לייזער.

און איך קלער, אַז יעצט איז די רעכטע צייט! צי דען ביסטו בלינד געוואָרען און דו זעהסט גאָר ניט? דו זאָגסט, אַז מיר פערשטעהן ניט

איינער דעם אַנדערן? צי קומען מיר שוין ביידע ניט אַרויס פון שֵם און צו דען דיענען מיר ניט ביידע צו איין גאָט? אַך, ברוך! דו ביסט געוואָרען זעהר קלוג... ניט פֿערגעס, ווען קלוגע מענשען האָבען געוואָלט געהן געגען גאָט און זיי האָבען אָנגעהויבען בויען אַ טורם, ביז'ן הימעל! וואָס האָט ניט זיי גאָט געמאַכט?

ברוך.

איך וויים עס אַלץ...

לייזער.

גאָט האָט אַ קוק געטהון אויף זיי פון הימעל און האָט געלאַכט! זיי האָבען אויפגעהערט צו פֿערשטעהן איינער דעם צווייטען און זיי האָבען שוין ניט געקענט בויען זייער טורם.. און איהר יונגע יודען, קלוגע און געלערנטע, קענט ניט מעהר פֿערשטעהן אונז, אַלטע און ניט געלערנטע פֿאָטערס און מוטערס אייערע! יעצט ווילט איהר ניט געהן אין שול, עסט טַרְפוֹת, מיט אַ גרינג האַרץ זייט איהר זיך מְטַמֵא און האָט ניט מורא פֿאַר דעם צאָרן פון אייער גאָט! אָט ביסטו געוואָרען זעהר קלוג, און איך וועל דיך פֿרעגען: פֿאַר וואָס ווילסט דו ניט דיענען דיין אייגענעם פֿאָלק און ווילסט בעסער דיענען אַנדערע? יעדער מענש וויל עסען ברויט און דער יוד ברויכט איהם נויטיגער פון אַלעמען!

ברוך.

איך האָב דיר שוין געזאָגט: איך וויל דיענען יעדערן, ווער ס'איז הונגעריג!

לייזע.

נאָר זיי האָבען פֿיעל דיענער אָהן דיר אויך, און דיין פֿאָלק האָט נאָר שונאים... (א טויבער געררויש פון דער מענגע).

ברוך.

ניט נאָר...

לייזער.

דו ביסט געבאָרען געוואָרען אויף אַ פֿרעמדער ערד, אין גלות, און פון דעם טאָג פון דיין געבורט און, ס'קען זיין, ביז דעם טאָג פון דיין טויט, ביסטו געווען און דו וועסט זיין אַרומגערינגעלט מיט שנאה און פֿעראַבטונג, און אויב דו וועסט געהן צו זיי (א זשעסט אין די ווייטקייט) און דו וועסט זיי דיענען מיט אַ ריינעם געוויסען, וועלען זיי דיר ניט גלויבען! זיי וועלען זאָגען אַ דו מאַכסט זיך מיט דעם אַ געשעפֿט! ווייל דו ביסט אַ „זשיד”!

**לאה** (זיך בעוויזענדיג אין טהיר, בעטענדיג).

**אום גאָטעס ווילען, הערט אויף! (מיט טרעהרען). באָרים! איך בעט דיך... פאָטער.**

## לייזער

**צו דען האָב איך אייך אויף דעם געלערענט, אַז איהר, מיינע קינדער, זאָלט אויפהערען צו אונטערשיידען די שונאים פון די פריינד?**
(שרה געהט אַרוים)

## לאה.

**באָרים!**

## שרה.

**זיי קריעגען זיך אַלץ... אַזעלכע שרעקליכע טעג... אוי—אוי—אוי!**
(צינדט אָן אויפ'ן טיש די לאָמפּ און זעצט זיך אין איהר שטול).

**ברוך** (אוועקגעהענדיג אין זיין צימער).

**מיינע שונאים זענען ניט די, וועלכע דו רעכענסט פאַר שונאים!**
(פערשווינדעט)

**לייזער** (צום טהיר

וואָס?! (בעוויזט מיט די האנד אין די וויטקייט). דאָס האָבען מיר פון דיינע פריינד זיך פערשלאָסען אונז מיר ציטערן?

## לאה.

פאָטער! פאַר וואָס רעדסטו אַזוי?

**לייזער** (שרייעט).

שוויג! (לאה פערשווינדעט). וואָס? אַרוים וואָן! איך וויל **דיך** ניט זעהן! (טופּעט מיט די פיס). אַיועק פון מיר, פערפלוכטער גוי!! וואָן! לאָבוס! דו ביסט ניט מיין זוהן!! (פון טיר קוקען ארויס מיט מורא **אהרן** אונז **חנה**, די קינדער וויינען פון ווייט'ן).

**ברוך** (ארויסגעהענדיג מיט'ן היטעל אין האנד).

איך וועל אַוועקגעהן פאָטער! ניט שריי! דו פערשטרהסט ניט וואָס דו רעדסט און וואָס דו טהוסט! זיי געזונד! (געהט אוועק דורך די הינטער־טהיר מ'הערט לאה'ש קול „באָרים! באָרים!“).

**לייזער** (לאָזט זיך אראָב אויפ'ן שטוהל נעבען טיש, לעגט קאָפּ אויף די הענד אונז הויבט אָן צו וויינען)

וואָס האָב איך געטהון? וואָס האָב איך געטהון? איך האָב שוין מעהר ניט קיין קינדער! ניטאָ! ס'איז געקומען אַ ווינד פון מדבר און האָט אַלץ

אַוועקגעטראָגען ··· אַלץ ·· **אלץ** ··· (ס'איז שטיל ארום, מ'הערט נאר דאס חליפען פונ'ם ווייטענדיגען לייזער. נאכהער לאזט זיך הערען א הויכער קלאפ אין לאדען; שלמה שפרינגט אויף און מיט אנ'אימה לויפט ער אין זאל, פון דארט אין די ווייטערע צימער, — דארט הערט מען ווי אהרן און חנה זענען שטארק בעשעפטיגט. לייזער ווערט ביסלעכווייז שטיל, נאר ער בלייבט אין דער פֿר'הערדיגער לאגע, ביי'ם טיש, דער קאפ אוועקגעלעגט אויף די הענד. דאס גערודער געהט אריבער אין זאל, אין מאגאזין: אהרן, חנה און שלמה, אייפעפענענדיג א קעלע ל' אין פארלאגע, הייבען זיי אן אריין צוטראגען אהין פעקלעך, זאַ'ליזען, קעסטלעך. פון ווייטען הערט מען דעם טויבען געפילדער פון דער מענגע, א פייפעריי פון די פאליציאנטען).

שלמה (צוריהרענדיג זיך צו לייזערס פלייצע).

רב לייזער! רב לייזער! איהר הערט? (בעוויזט מיט דער האנד אין פוסטען שטח אריין).

לייזער (שטיל, נאר וואס מ'הערט).

כ'הער, שלמה · (מאכט מיט דער האנד און טווישט ניט אים זיין פאזע) ס'איז געקומען אַ ווינד פון מרב־ ··· (שטעהט אויף שטיל און געהט אוועק אין ברוך'ס צימער, —דארט איז ער מתפלל).

שרה.

כ'קען ניט אייפשטעהן ··· העלפט מיר אויפשטעהן! קיינער וויל מיר ניט העלפען אויפשטעהן! און מיינע פים ווילען מעהר ניט ··· (פון ווייטען דאס געוויין פון די קינדער).

חנה (דורכלויפענדיג אין די ווייטערע צימער).

קינדערלעך מיינע, קינדערלעך! מיינע ליעבענקע קינדערלעך! וואוהין זאָל איך אייך בעהאַלטען? ··· ס'איז ניטאָ וואו אייך צו בעהאַלטען ···

(דאס געפילדער פון דער מענגע איז נעהנטער, אקלאפעריי פון ערגעץ—וואו ארויסגעווארפענעס פּארטעפיאן אויפ'ן ברוק.—ס'ברעכט אויס א גערודער, קולות, געלעכטער. אהרן און שלמה ווערען אויף א רגע שיער אבגעשטארבען פון שרעק).

שרה.

וואו איז לייזער? וואו ־ושע איז לייזער?

שלמה (פארוויינט).

רב לייזער איז מתפלל! ··

שרה.

נאָט הערט ניט ··· ניין! ער הערט ניט ··· ער וויל אונז מעהר ניט הערען ··· ער וויל ניט ··· (לאה, קום שלעפענדיג די פים, געהט ארוים אין זאל אנהאלטענדיג זיך אן די וועגד; אין איהרע אויגען איז א שרעק).

לאה.

וואו איז דער פֿאָטער? זיי וועלען קומען... זיי וועלען באַלד קומען...

שרה.

ער איז מתפלל... גאָט הערט ניט... ניין! ער הערט ניט...

לאה (אראבלאזענדיג זיך אויפ'ן שטוהל).

מ'דאַרף אַוועקפֿיהרען די קינדער... גאָט מיינער! (פערדעקט דעם פנים מיט די הענד).

נחמן (לויפט אריין פון דער הינטער טיר).

וואָס,זשע זיצט איהר? צו דען הערט איהר ניט? ! (לייזער געהט אריין אין זאל שטיל, רוהיג, זיין בליק איז געציעלט אינעווענינ אין זיך). לייזער מאיסיעוויטש! מ'מוז אַוועק געהן! מ'קען נאָך אַוועק געהן! פון דעם נעבען,ליגענדען הויף קען מען דורכגעהן אויפ'ן פלאַץ... וואָס זיצט איהר? לאה!

לייזער.

אוועקגעהן? צו וואָס? אַלץ איינס... מ'ברויכט גאָר ניט... אַלץ איינס!...

לאה.

איך האָב ניט קיין כחות... פיהרט אַוועק די קינדער... פיהרט אַוועק דעם פֿאָטער! (דאס גערוויש פונ'ם המון איז אלץ נעהנטער, געוואלדען, געוויין, געלעכטער, א קנאקערייי אונ פייפערייי גיסען זיך צוזאמען אין א ווילדען אקקארד פון שטימען).

לייזער.

מיך? צו וואָס — מיך? צו דען קען איך איבערלאָזען מיין לאה'ן? איך האָב שוין אַלץ פֿערלאָרען... איך וועל שטאַרבען צוזאַמען מיט דיר!

חנה (לויפט ארויס, שלעפענדיג פאר די האנד א יונגעל).

בעהאַלט מיר מיין זוהן! חאָטש נאָר איין זוהן! איך בעט אייך אין נאָמען פֿון גאָט! (לאזט זיך אראב פאר נחמנ'ן אויף די קניע, קושט דעם ראָש) ראַטעוועט מיין זוהן! (וויינט, טשעפעט זיך אן נחמנ'ס פיס).

נחמן.

גוט! גוט! (נעהמט דעם יונגעל פאר די האנד,—דיזער וויינט. צו לאה'ן): לאה! מ'מוז זיך פֿערטיידיגען! (ציעהט אויס די האנד, אין װעלכער עס בלישצעט א רעוואלווער) נעהמט! (לאה נעהמט דעם רעוואלווער אונ אהנמעכטיג לאזט זי איהם אראב צוזאמען מיט דער האנד). איך וועל באַלד צוריקקומען! אַדיע! (דאס קינד עקשנ'ט זיך איין אונ וויינט).

חנה.

געה! געה! ער איז אַ גוטער מענש! שמואל! געה־זשע, מיין קינד! שפּעטער וועל איך קומען אונ וועל דיר ברייננען לעקעך · (בעגלייט זיי).

אהרן (בייז)

געה דו נאַר. (נחמן פיהרט אוועק דאס וויינענדיג קינד).

לייזער (צו אהרן'ן).

מ'קען אַוועקגעהן, האָט נחמן געזאָגט ··· פאַר וואָס געהט איהר ניט אַוועק? [צו שלמהן'ן]. איך האַלט דיך ניט; דו ווילסט זעהר לעבען, — ראַטעווע דיך! ··· [א שטארקער קלאפּ אין טהיר פון מאגאזין אונ א רעדערייע הינטער די פענסטער. אהרן אונ שלמה לויפען אוועק אין די וויטערע צימער אונ בעוויזען זיך מעהר ניט. לאה שטעהט אויף פון שטוהל אונ, אנגעשפּארענדיג זיך אין וואנד, קוקט זיך איין צו'ם מאגאזין צו. די דערשראקענע חנה, מיט א קינד אויף איין האנד, שלעפּענדיג א וויינענדיג מיידל מיט דער אנדערער האנד, לויפט אריין אין זאל). קום אַהער! (בעוויזט אויפ'ן קעלער). געשווינד! (א פרישער קלאפּ, א שטארק געפּילדער אויפ'ן גאס).

חנה.

אוי—אוי—אוי... אויב איהר וועט וויינען, —וועט מען אונז געפינען ··· זיי וועלען וויינען ··· איך קען זיי ניט דערשטיקען ··· [לאזט זיך אראב אין קעלער, לייזער פארקלאפּט די טהיר].

לייזער.

זיי מיינען, אַז זיי וועלען געפינען אַ סך געלד ··· אונ איך האָב גאָר ניט ··· נאר דו אַליין, מיין לעצטע טאָכטער ··· דיך וועל איך ניט אָבגעבען, ניין, ניט אָבגעבען ··· (שרה הויבט אן צו חראפּין; לייזער געהט צו צו איהר). זי הערט ניט ··· זי וועט גאָר ניט וויסען ··· זי שטאַרבט ···

בעריעזין (לויפט אריין פון הויף).

לאה! שנעל! איך וועל געהן נאָך דיר! (לאה שטעהט אונבעוועגליך ביי דער וואנד).

לייזער.

נאָך וואָס זייט איהר געקומען?

בעריעזין (חאפּענדיג לאה'ן פאר די האנד).

געשווינד! מ'קען נאָך אַוועקגעהן! ·· (צו לייזער'ן). געהט איהר אויך! (לאה שאקעלט מיט'ן קאפּ אויף ניין) · לייזער מאָיסעיעוויטש! ביי גאָט! שנעלער! לאה! (א הויבער קלאפּ אין לאדען) ·

לייזער.

איך? צי דען בין איך אַייך אויך נויטיג? נאָר זי אַליין איז אייך נויטיג!
זאָל זי מיט אַייך געהן, אויב זי וויל... איך וועל בלייבען... אַליין...

(צו בערעזינען)

געה אַוועק! איך בלייב דאָ..

בערעזין

דאָס איז דאָך אָבער אונזין! לאה! בערענק זיך! (קושט איהר די האנד)

לאה (ארויסרייסענדיג די האנד).

ד' וויל ניט! געה אַוועק! (אונטער די פענסטער פונ'ם מאגאזין איז א טומעל פון דער מענגע. א געשריי אַ קלאַפּעריי אין טהיר).

בערעזין.

לאה! טייבעלע! וואָס טהוסט דו? (הויבט אָן צו שלעפּען לאה'ן פאַר די הענד מיט געוואלד) ד' וועל ניט אַוועקגעהן! איך — מיט אַייך! ד' וועל ניט אַוועקגעהן!

לאה (הויך ארויסרייסענדיג זיך).

לאָז מיך! ד' וועל ניט געהן! ד' וויל ניט! (א שטארקער קלאַפּ, א קנאַק, א געלעכטער. די טהיר אונ די פענסטער פונ'ם מאגאזין פאלען איין...)

איינער פון די מענגע. (שרייט).

ס'איז דאָ! (די מענגע לאָזט ארויס א געשריי פון פרייד אונ טריאומף; אייניגע צוברעכען די קעסטלעך, די שאַפּע; די וויגערס קלינגען מיט די שפּרינג=פעדערן; אַ מאַן ציהען האָפּען זיך אריין אין זאַל. לאה געהט הינטערווערטס צו דער טיר אין די ווייטערע צימער. בערעזין בעמיהט זיך זי צו שיצען מיט זיין פיגור. נאָר אויך אין די ווייטערע צימער הערט מען דאָס געפילדער פון דער מענגע, וועלכע צוברעכט די זאכען און די מעבל; לאה קריעכט אַדורך ווי אַ קאַטץ צו דער טיר פון ברוך'ס צימער אונ שטעלט זיך אָב מיט'ן פּנים צו דער מענגע).

לייזער (געהט צו דער מענגע)

צו דען איז ביי אייך מעהר קיין גאָט ניטאָ? (ווייזט אויפ'ן הימעל).

בערעזין (בעמיעהענדיג זיך לאה'ן צו שיצען).

וואָס טהוט איהר? האַלט זיך אָב!

די ערשטע שטים פון דער מענגע. מיר שלאָגען די „זשידעס"!
די צווייטע שטים. מיר קיצלען אייערע ברידער! (א אויסברוך פון געלעכטער)
די דריטע שטים. וואסקאַ! נו=קאַ! גיב נאָר אַ קיצעל דאָס מיידיל! אַ שען מיידיל, ד' לעבען!
די ערשטע שטים. זעה נאָר, ווי ער שיצט זי! האָט זי פאַר זיך געהיט, ס'האָט זיך איהם אָבער ניט אַנגענעבען! (ווידער א געלעכטער).

בערעזין.

אויסיאורפֿען!

די ערשטע שטים. ניט זידעל זיך, פֿארפֿליבטער, כל זמן דו לעבסט!

די צווייט שטים. קלאַפּ איהם צו, וואסקא! זידעלט זיך נאָך!

איינער פון דער מענגע (צו לייזער'ן).

נו־קא, אַלטער זשיד, דרעה נאָר אוים די קעשענעס!

לייזער.

דערהרג'עט! גיבער! פֿאַר אייער גאָט וועט זיין זעהר אַנגענעהם...

די ערשטע שטים. שווייג! זשידאָווסקע פֿערזועהניש! (גיט לייזער'ן א קלאפּ אין רוקען, יענער פאלט אויף די קניע).

די צווייטע שטים. (נעבען שרה'ן) קינדער: אונ דיזע איז געפּגר'ט! פֿון שרעק איז זי געפּגר'ט, די פארכֿאטע!

די דריטע שטים. (אנווייזענדיג אויף לייזער'ן) אונ דיזער וועט אויך באַלד פגר'ן... דער אַלטער הונד! ניט טשעפּע איהם! ער וועט אַזוי אויך פגר'ן! (פארוועלטס געהט ארוים א געוונדעטער יאלד).

בערעזין (האפענדיג א שטוהל).

ניט ריהר זי אָן!

די ערשטע שטים. נו־קאָ, חברה, לאָמיר אָבריַיסען דעם זשיד! עפּעס היט ער צו פֿיעל... געוויס, אַ זיסענקע! (א געלעכטער)

די צווייטע שטים. לאָמיר איהם נעהמען, חברה! נו־נו! (די מענגע גיט זיך א ווארף מיט א מאל פאריוערטס, איינער האפט בערעזינ'ן פאר די האנד, דער צווייטער רייסט ארוים א שטוהל, ס'הויבט זיך אן א קאמפף).

די פיערטע שטים פון דער מענגע. גיעב איהם נאָר אַ גוטען זעץ! נאַדיר דעם שוואָרען!

לאה (שרייט מיט א ווילדען קול).

ער איז אַ קריסט! ודער קאמפף דויערט ווייטער. בערעזין פאלט, איף איהם ווארפען זיך ארויף עטליכע מענשען).

די פיערטע שטים. אַ צלם איז דאָ?

די ערשטע שטים. אַ ליגען! אויף איהם איז ניטאָ קיין צלם!

בערעזין. (חראפּעט)

העלפּט! העלפּט!... חיות!...

די פיערטע שטים. פּערשטאָפּ איהם די האַלז. שטעק עפּעס דאָרט אַריין!

די דריטע שטים. וואַסקא! גיעב נאָר דאָס מיידיל אַ קניפּ! וואָס זאָל מען דאָ לאַנג רעדען!

לייזער (קלאָגט).

לאה! לאה! צו וואָס בין איך נאָך ניט געשטאָרבען!

די דריטע שטים. ווערסט נאָך אוספּעיען וועסט נאָך פגר'ן (דער געזונדער יאלד מיט נאך צוויי געהען צו לאה'ן; לאה ציהט אוים די האנד מיט'ן רעוואלווער, די מענגע שטעלט זיך א יף א מינוט אָב; ציטערט:

דער געזונדער יאלד. אַך, לומפּיגע! זי האַלט אין האַנד אַ פיסטאָלעט!

די פערטע שטים. גיעב נאָר דעם שוואָרען! די מיידלעך האָבען זיך דער־שראָקען! געה דרייסטער! (די מענגע מיט א מאל ריהרט זיך אויף לאה'ן; דיזע בעהאלט זיך אין ברוך'ס צימער).

לאה. (שרייט פונ'ם צווייטען צימער).

זיי געזונד, פּאָטער! (עס הערט זיך א שאס. די מענגע שפּרינגט אָב צוריק. איין אוינגענבליק איז שטיל. דער געזונדער יאָלד, זיך אָבטײַלענדיג פון דער מענגע, געהט אונ קוקט אריין אין ברוך'ס צימער).

דער געזונדער יאלד (צוריקקומענדיג).

זי האָט זיך גע'הרגט, די סטערווע! אַליין זיך גע'הרגט. ביי גאָט! וואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע...

די דריטע שטים. געה, וואַסקא! זי איז נאָך אַ הייסע, — וועסט נאָך אוספּעיען (א געלעכטער פון דער מענגע).

לייזער (זיך אויפהויבענדיג אויף די קניע).

מיין טאָכטער, מיין טאָכטער! מײַנע לעצטע טאָכטער! (א געשריי אין מאגאזין: „חברה, קאָזאַקען רייטען!" אַנ'אַלגעמיינער שרעק; די מענגע ווארפט זיך אַרוים דורך די הינטער טיר אונ ברעכט אויפ'ן וועג געפעס אונ וואַרפט זאַכען. נאכהער ווערט אַליץ שטיל. ס'לאָזט זיך הערען אַ טופעריי פון אַ סך פערד אָן דעם ברוק, אַ פייפעריי, געעשרייען. אין די צושלאָגענע טיר פונ'ם מאַגאַזין לויפט אריין ברוך אָהן אַ היטעל, מיט אַ פערבלוטיגטען פנים).

ברוך.

פּאָטער! לאה! (לויפט צו צו לייזערן, ריהרט איהם אָן פאר די פּלייצעס)

פּאָטער! וואו איז לאָה? זאָג! ביי גאָט, זאָג!

לייזער שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

ניין... ס'איז גאָר ניטאָ! ס'איז געקומען אַ ווינד פונ'ם מדבר אונ האָט אַוועקגעטראָגען... אַלץ אַוועקגעטראָגען... (פעלענדיג מיט פנים אויף די קניע וויינט ער)

ברוך.

וואו איז לאָה? זאָג מיר, וואו איז די שוועסטער? ביי גאָט, זאָג!

(סלויפט אריין נחמן אין צוריסענע קליידער מיט אַ רעוואָלווער אין האַנד. ער שטעלט זיך אָב אין די צובראָכענע טירען פון מאַגאַזין, דורך וועלכע מ'זעהט די רויטקייט פון אַ שרפה אונ מיט אַ ווילדען קול „פערפלוכט זאָלט איהר זיין!" הויבט ער אָן צו שיסען אין די מענגע אויף דער גאַס. פון גאַס הערט מען דעם פערצווייפעלטען קול איוערסאהן'ס: „ניט שיעסט! דאָס זענען קריסטען — אַרבייטער! זיי שטעהען פאַר אונז!" נחמן ווארפט דעם רעוואָלווער אונ צופאַלענדיג מיט'ן קאָפּ צום קאָסיאַק פון טיר הויבט ער אָן שוואַך אונ אָהנמעכטיג צו וויינען...)

ענדע.